הערי קאַרפ אָנדענק ביבליאָטעק
פּאָפּולערע בראָשורן — נומ. 5־4

# ציוניזם און אידישקייט אין סאָוועט־רוסלאַנד

(א רייזע איבער'ן סאָוועטן־פאַרבאַנד אין 1940)

פון

הרב אהרן פּעטשעניק

מיט א פאָרוואָרט פון הרב ר' מאיר ברלין




ארויסגעגעבען פון
הפועל המזרחי פון אמעריקא
220 — 5טע עוו., ניו־יאָרק

# אינהאַלט

•

מיין פֿאָטער, דעם גאון און צדיק, רבי נחום יהושע הלוי פּעטשעניק שליט"א, וועלכער געפֿינט זיך אין נאַצי־אָקופּירטן פּוילן — איז דאָס דאָזיקע בוך געווידמעט מיט ליבשאַפֿט און יראת־הכבוד.

דער מחבר

# עטלעכע ווערטער פון די אַרויסגעבער

די קולטור־קאָמיסיע פון „הפועל המזרחי״ אין אַמעריקע ברענגט פאַר דער יידישער עפנטלעכקייט די דאָזיקע בראָשור פון הרב אהרן פעטשעניק, באַוואוסטער שרייבער און מזרחי־טוער, איינער פון די געוועזענע פירער פון דער „תורה ועבודה״ באַוועגונג אין פוילן. דאָס דאָזיקע מאַטעריאַל איז זייער אינ־טערעסאַנט און פון אויסערגעוויינלעכן ווערט, אַזוי אַז עס איז צו האָפן דאָס די בראָשור וועט ווי געהעריק אָפגעשאַצט ווערן.

דער הפועל המזרחי אין ארץ־ישראל האָט געשאַפן דעם סינטעז צווישן „תורה״ און „עבודה״. אַ נייע עכט יידישע לעבנס־פאָרם האָט געבראַכט צום אויסדרוק דעם נייעם טיפ ייד, וועלכער לעבט פון זיין אייגענער אַרבעט און שמידט אַ צוקונפט פאַר זיין פאָלק און לאַנד אין גייסט פון דער תורה און די נביאים. דער הפועל המזרחי מיט זיינע 20 טויזנט אַרבעטער אין שטאָט און אין דאָרף, מיט זיינע קאָלאָניעס און קבוצות אין אַלע טיילן פון לאַנד וואו דער אידעאַל פון „תורה ועבודה״ איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין טאָג־טעגלעכן לעבן, — דער הפועל המזרחי איז היינט אַ מוסטער פאַר פאַרשיידענע קרייזן מיט זיין אידעאַליזם און מסירת־נפש.

ליידער זיינען די אייראָפּעאישע צענטערן וואו דער הפועל המזרחי האָט געהאַט זיינע רעזערוון, חרוב געוואָרן און דער הפועל המזרחי פון אַמעריקע שטרעבט אָן די קרעפטן צו שטיצן און שטאַרקן די פּאָזיציעס פון הפועל המזרחי אין ארץ־ישראל. מיר האָפן אַז עס וועט קומען דער מאָמענט ווען דאָס רוסישע יידנטום און די דאָרטיקע יידישע יוגנט וועט אויך קענען נעמען אַן אַקטיוון טייל אין דער אויפלעבונגס־אַרבעט

פונעם יידישן פאָלק אויף זיין אייגענער ערד אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע בראָשור שטאַרקט אונדזערע האָפענונגען אין דער הינזיכט און דעריבער איז זי פאַר אונדז זייער וויכטיק. מיר גלויבן צו קענען, אין משך פון דער צייט, איבערזעצן די דאָזיקע בראָשור אין דער ענגלישער שפראַך אום זי צו פאַרשפרייטן צווישן ברייטע שיכטן פון דער יידישער יוגנט.

קולטור־קאָמיסיע פון הפועל המזרחי אין אַמעריקע

**יצחק מרגליות**, פאָרזיצער

**אהרן בן־נון**

**יוסף שטראַוס**

# פאָרוואָרט פון הרב ר׳ מאיר ברלין

די דאָזיקע בראָשור פון הרב אהרן פעטשעניק איז ניט גלאַט מאַטעריאַל צום לייענען נאָר עס איז אַן **ענט־דעקונג.** ווען מען לעזט די דאָזיקע קאַפּיטלען אין וועלכע עס ווערן געשילדערט די פאַרשיידענע פּאַסירונגען און איבערלעבונגען פון דעם שרייבער, פילט מען ווי מען פלעגט פילען אַמאָל בעת מען האָט געלעזן די ספרים וועלכע האָבן באַשריבן די מעשיות פון די „רויטע יידעלעך" אויף יענעם זייט טייך סמבטיון. די גרויסע מדינה רוסלאַנד, וועלכע איז געווען אַ קוואַל פון יידישקייט אין יעדן הינזיכט, איז געוואָרן, זינט אַ גאַנצן דור, אַן אָרט וועלכעס איז אינגאַנצן אומבאַקאַנט וואָס אנבאַטרעפט יידן און יידישע אנגעלעגנהייטן. ווען עס איז קומט אַ ידיעה, אַז יידישקייט גייט דאָרטן אונטער; אַן אַנדערש מאָל הערט מען אַז אין אונטערגרונד זיינען דאָרטן דאָ הונדער־טער און טויזנטער יידן וועלכע ערציען זייערע קינדער אין גוטן יידישן גייסט צו גאָט און צו לייטן. קיין קלאָר בילד איז אָבער ניט געשאַפן געוואָרן, עס זיינען אַלץ געווען עפּיזאָדן און פראַגמענטן, שטיקלעך און ברעקלעך, עטוואָס גאַנצעס איבער די יידן אין רוסלאַנד האָט נאָך קיינער ניט געשריבן.

דאָס וואָס דער מחבר פון דער דאָזיקער בראָשור דער־ציילט נאָכדעם ווי ער האָט אַלעס אַליין געזען און דורכ־

געלעבט די אַלע פּאַסירונגען, איז נאָך אויך ניט דאָס גאַנצע וואָס מען ערוואַרטעט,עס איז אָבער אַ חלק פון דעם גאַנצן. עס איז ניט געשריבן מיט אַ באַשטימטער כוונה צו לויבן סאָוועט־רוסלאַנד אָדער טאַדלען זי, עס זיינען אָבער געגעבן דברים כהוויתם, בילדער ווי זיי זיינען. פאַרלאַזנדיק זיך אויף הרב פּעטשעניק אַז ער האָט אַ גוט אויג און פאַרשטייט וואָס ער זעט, קריגט מען אַ פאָר־שטעלונג פון דעם וואָס עס גייט פאָר צווישן די רוסישע יידן, ניט בלויז צווישן די אויסגעצייכנטע צדיקים גמורים אָדער רשעים גמורים, נאָר אויך צווישן פּשוטע יידן וועלכע האָבן אפשר ניט קיין כוח צו פירן מלחמה מיט די אומ־שטענדן, אָבער האָבן ניט פאַרלאָרן דאָס פּינטעלע ייד און זיינען אין האַרצן צוגעבונדן צו אַלץ וואָס יידיש איז.
די בילדער וואָס דער מחבר שילדערט זיינען קלאָר און שפּאַנענד, זיי וועלן געוויס באַלייכטן די טונקעלע פלעצער און אפשר וועט די בראָשור אויך אַרויסרופן אַנדערע וועלכע קענען דאָס יידישע לעבן אין רוסלאַנד זיי זאָלן איבערגעבן זייער קענטניש אין ליטעראַרישער פאָרם.
דאָס סאָוועטנלאַנד פאַרדינט איצט, יעדנפאַלס, מער ווי אַלע מאָל, אַז די דאָרטיקע לאַגע בנוגע צו יידן זאָל זיין מער באַקאַנט ווי עס איז געווען ביז אַהער. דעריבער פאַר־דינט הרב פּעטשעניק אַ יישר כח פאַר זיין אַרבעט און די דאָזיקע בראָשור דאַרף געלייענט ווערן און געווירדיקט ווערן.

**מאיר ברלין**

# אריינפיר

.1

דעם 22־טן אויגוסט, 1939, זיינען מיר, אַ גרופּע דעלעגאַטן פון דער מזרחי אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע צום 21־טן ציוניס־טישן קאָנגרעס אין זשענעווע געזעסן אין דער וואוינונג פון הרב ר׳ מאיר ברלין, מזרחי וועלט־פּרעזידענט, און דיסקוטירט וויכ־טיקע קאָנגרעס פּראָבלעמען. אינמיטן דער באַראַטונג איז באַקאַנט געוואָרן אַז דער דייטשער אויסערן־מיניסטער ריבבנ־טראָפּ איז געפאָרן קיין מאָסקווע צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ געגנזייטיקן אָפּמאַך. יידן האָבן גלייך גענומען אויס־טייטשן דעם דאָזיקן פאַקט אַלס פאָרשפּיל צו דעם צווייטן וועלט קריג, ביט קוקנדיק וואָס דער אַמעריקאַנער קאָנסול אין זשענעווע האָט דעם זעלבן טאָג פאַרזיכערט אַ גרופּע אַמעריקאַנער, אַז ער „גאַראַנטירט" אַז אין משך פון אַ חודש וועט נאָך זיכער קיין מלחמה ניט זיין... דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט באַשלאָסן צו פאָרן פון זשענעווע אויף אַ באַזוך צו זיין פאַ־מיליע אין פּוילן און כאָטש אויף דער דערמאָנטער באַראַטונג אין דער וואוינונג פון הרב ברלין האָט מען מיר שטאַרק אָפּגערעדט פון פאָרן אין אַזאַ סכנותדיקער צייט האָב איך זיך ניט צוגעהערט צו די עצות און שוין אויף מאָרגן פאַרלאָזט זשענעווע אויפן וועג קיין פּוילן. און אַז איך האָב אין אַ פּאָר טעג אַרום דערגרייכט וואַרשע איז שוין די פּוילישע הויפּטשטאָט געווען אין עכטן פיבער פון מלחמה און קיין צוריק איז שוין ניט געווען...

די מלחמה איז אויסגעבראָכן און די נאַצישע לופטוואַפע האָט אָנגעהויבן זייען טויט און פאַרניכטונג. איך האָב אויף די טרויעריקע וועגן און שטעגן פון פוילן צוגעזען דעם שרעקלעכן שוידער, דעם אוממענטשלעכן קאַלטבלוטיקן מאָרד פון ציווילע מענטשן, פון שוצלאָזע פרויען און קינדער וואָס זיינען געלאָפן אין פאַרצווייפלונג צו זוכן אַן אַנטרינונג פון די מערדערישע אָנגרייפער, וועלכע האָבן זיך פאַר אַלעמענס אויגן אַראָפּגעלאָזן מיט די עראָפּלאַנען און זיך געצילעוועט אין די מוחות פון קליינע צאַפּלענדיקע קינדער, פון שוואַכע און קראַנקע וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אויף די וועגן.

אין דריי וואָכן נאָכדעם ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָב איך זיך געפונען אויף געוועזענער פוילישער טעריטאָריע אָקופּירט ביי דער סאָוועטן־מלוכה, און די גאַנצע גאוהדיקע מלכות פוילן איז שוין געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט... אין משך פון איבער אַ יאָר בין איך געווען אין די אָקופּירטע געביטן, דאַן האָב איך געקראָגן אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן די גרויסע רוסישע שטעט און דורך מאָסקווע־וולאַדיוואָסטאָק צו־ריקצופאָרן ענדע 1940 קיין אַמעריקע דורך טאָקיאָ—האָנאָלולו—סאַן־פראַנציסקאָ. איך האָב זיך די גאַנצע צייט פון מיין ווײלן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד באַמיט צו זיין אַן אומפּאַרטייאישער באַאָבאַכטער פון אַלע געשעענישן און ערשיינונגען אין דאָרטיקן לעבן. באַזונדערס האָט מיר אָבער פאַראינטערעסירט דאָס פּראָבלעם פון ציוניזם און יידישקייט; איך האָב זיך באַמיט מיט אַלע קרעפטן אויסצוגעפינען צי לעבט נאָך דאָס היסטאָרישע רוסישע יידנטום וועלכעס האָט געגעבן דער יידישער וועלט אַזוי פיל גרויסע פּערזענלעכקייטן און געשפּילט די אָנפירנדע ראָלע אין יידנטום אין משך פון דורות; צי לעבט נאָך דער ציוניסטישער געדאַנק, וועלכער איז געבוירן געוואָרן און זיך ענטוויקלט אין רוסלאַנד, צי לעבט ער אין דערווירקלעכקייט אָדער כאָטש אין דער פאַנטאַזיע פון דעם אונדז־פרעמדן סאָ־

וועטישן יידנטום. איך גלייב, אַז פון די וויטערדיקע שיל־
דערונגען, וועלכע זיינען בלויז אַ קליינער טייל פון מיינע באַ־
אָבאַכטונגען, וועט דער לעזער זיך קאָנען שאַפן אַ בילד פון
די דאָרטיקע באַדינגונגען און אַ סך לעזער וועלן אַפילו עפּעס
קאָנען לערנען פון צווישן די שורות... אַלנפאַלס זיינען די
וועלכע האָבן שוין געוואָלט מאַכן אַ הספד אויפן רוסישן יידנטום
אַבסאָלוט ניט גערעכט געווען און עס איז צו האָפן, אַז מיר
וועלן נאָך אַ סך הערן פון אונדזערע ברידער אין סאָוועט־
רוסלאַנד.

.2

דער ציוניזם, ווי מיר קאָנען אים היינט און אויך די
פריערדיקע „חיבת ציון״ באַוועגונג, זיינען אין גרעסטן טייל
אויסגעטראָגן און אויסגעטרוימט געוואָרן פון וואָרט פירער
פון רוסישן יידנטום און פון די דאָרטיקע יידישע מאַסן. און דער
גרויסער רוסלאַנד פון פאַר 1914 האָט זיך נאָך צוריק מיט
איבער 70 יאָר אָנגעהויבן די חיבת ציון באַוועגונג וועלכע האָט
זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט און אַרומגעכאַפּט פאַרשיידענע שיכטן
פון פאָלק. צוערשט האָט דער ספר „דרישת ציון״ פון רבי צבי
הירש קאַלישער וועלכער האָט באַוויזן מיט ראיות ומופתים
אַז די גאולה דאַרף קומען ע״פ דרך הטבע און דאָס יידישע פאָלק
דאַרף זיך אומקערן צוריק צו זיין לאַנד, געמאַכט אַ גרויסן רושם
און פאַראינטערעסירט רעליגיעזע קרייזן אין דער חיבת ציון
באַוועגונג. דאַן זיינען געקומען די פאָרלויפער פון וועלטלעכן
ציוניזם: סמאָלענסקין און ליליענבלום און פינסקער מיט זיין
„אויטאָעמאַנציפּאַציאָן״. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָ־
גראָמען און עס איז געגרינדעט געוואָרן די „בילו״ (בית יעקב לכו
ונלכה) באַוועגונג און די עליה קיין ארץ ישראל. עס איז גע־
שאַפן געוואָרן דער אָדעסער קאָמיטעט, וועלכער האָט אָנגעפירט

מיט די געלט־זאַמלונגען פאַרן ישוב ארץ ישראל און מיט די פּראַקטישע אויפגאַבן פון ארץ־ישראל אויפבוי. רבי שמואל מאהליווער, רבי הירש־ליב וואָלאָזשינער, רבי יעקב יצחק ריינעס און די אַנדערע צענדליקער רבנים וועלכע האָבן זיך מוסר־נפש געווען פאַר ארץ־ישראל זיינען געווען רוסישע יידן, דאָס זעלבע אוסישקין, אחד־העם און ביאַליק און צולעצט וויצמאַן און סאָקאָלאָוו און זשאַבאָטינסקי זיינען אַלע געווען פּראָדוקטן פון רוסישן יידנטום און ווען הערצל און נאָרדוי, די מערב־אייראָפּעער, האָבן געגרינדעט דעם פּאָליטישן ציוניזם האָבן זיי זיך אויך אינגאַנצן אָנגעשפּאַרט אויפן רוסישן ציוניזם, וועלכער האָט געטראָגן די ציוניסטישע באַוועגונג אויף זיינע פּליי־צעס, פאַרגרעסערט זיינע געטרייע אָנהענגער און פאַרטיפט זיינע געדאַנקען. ניט קוקנדיק אויף די שווערע באַדינגונגען אונטער דער צאַרישער מאַכט האָט זיך דער ציוניזם אין רוסלאַנד דאָך אַנטוויקלט און אויסגעוואַקסן אין אַ ריזיקער באַוועגונג.

אין 1917, נאָך דער רוסישער מאַרטש־רעוואָלוציע, איז דער ציוניזם גלייך לעגאַליזירט געוואָרן און אָנגעהויבן גיין באַרג אַרויף און אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר, ווען די באַלפור דעקלעראַציע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן האָט דער ציוניזם אין רוסלאַנד דער־גרייכט צו זיין העכסטער הויך. אַלע יידן האָבן די באַלפור דעק־לעראַציע באַטראַכט ווי אַ געטלעכן אָנזאָג פון דער גאולה וואָס קומט אָן און אין אַלע שולן זיינען געזאָגט געוואָרן הלל בציבור לכבוד דער גרויסער געשעעניש און די ענטוזיאַסטישע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס האָבן אַרומגעכאַפּט די יידישע באַפעלקערונג אויף אַזוי פיל אַז אין די אַלע וואַלן וואָס זיינען דאַן פאָרגעקומען צו די אַלרוסישע יידישע קערפּערשאַפטן און צוזאַמענפאָרן, האָבן די ציוניסטן געקראָגן 70 פּראָצענט פון אַלע שטימען. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן חברות און ווירטשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס פאַר גרינדן קאָלאָניעס און הייזער בוי; פאַר קויפן ערד און פלאַנצן פּרדסים, חלוצים און יוגנט אָרגאַניזאַציעס

זיינען געשאַפן געוואָרן אין אַלע פאַרוואָרפענע יידישע פונקטן, און יידן האָבן זיך ערנסט געגרייט „אויפצוגיין" קיין ארץ־ישראל.

ליידער האָט זיך אינגיכן אָנגעכאַפּט דער בירגער קריג און די באָלשעוויסטישע אָרדענונג האָט אָנגעהויבן צו באַגרענעצן די ציוניסטישע באַוועגונג. פונדעסטוועגן האָט נאָך די ציוניסטישע באַוועגונג עקזיסטירט אַ סך יאָרן אפילו אין סאָוועטישן רוסלאַנד און אַ רייע באָלשעוויסטישע פירער ווי לונאטשאַרסקי, גאָרקי, קרעסטינסקי און קאמענעוו האָבן געשטיצט אין אַ געוויסער מאָס די ציוניסטישע אַרבעט. דעם 21־טן יולי, 1919, האָט דער העכסטער סאָוועטישער אָרגאַן „וציק" אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג מען זאָל ניט מאַכן קיין שוועריקייט דער ציוניסטישער אַרבעט; דעם 20־טן אַפּריל, 1920, האָט זיך נאָך פאַרזאַמלט אין מאָסקווע אַ גרויסע ציוניסטישע קאָנפערענץ אונטער דער פירערשאַפט פון הרב מזאה און ד"ר ברוצקיס, וועלכע האָט זיך געצויגן 3 טעג און וועלכע איז אָבער אויפן דריטן טאָג צעטריבן געוואָרן. די דעלעגאַטן וועלכע זיינען דורך דער „טשעקאַ" געפירט געוואָרן איבער די מאָסקווער גאַסן האָבן געזונגען „התקוה" און דורכגעפירט די לעצטע עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע פאַרן ציוניזם אין סאָוועט־רוסלאַנד. אין 1922 האָט נאָך עקזיסטירט אין סאָוועט־רוסלאַנד אַ „החלוץ" אָרגאַניזאַציע מיט 75 אָפּטיילונגען איבערן לאַנד און אפילו אַזוי שפּעט ווי 1925 האָבן 2 יידישע פאָרשטייער אין מאָסקווע, פּראָפ. דוד שאָר און אינזש. יצחק ראַבינאָוויץ אונטערגענומען אָפיציעלע שריט מ׳זאָל אָפּשטעלן די מאַסן אַרעסטן פון ציוניסטן און לעגאַליזירן אַ געזעלשאַפט פאַר עמיגראַציע פון יידן קיין ארץ־ישראל. אַ ספּעציעלע זיצונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיטן פאָרשטייער פון „סאָווגאַרקאָם", וויצע־פּרעמיער סמידאוויטש אַלס פאָרזיצער און די 2 דערמאָנטע יידישע פאָרשטייער און 2 פאָרשטייער פון דער „געפּעאו", מענזשענסקי און דעריבאַס.

אַלס רעזולטאַט פון דעם איז באַשלאָסן געוואָרן צוצושטעלן צו דער רעגירונג אַ סטאַטוס פון אַזאַ סאָרט ארץ־ישראל געזעל־שאַפט און דער באָלשיוויסטישער פירער לאַרין האָט זיך ספּעציעל באַמיט, אַז דער סטאַטוט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זאָל לעגאַליזירט ווערן. פון די אַלע זאַכן האָט זיך אָבער גאָרניט אויסגעלאָזן צוליב דער שולד פון דער ידישער אָפּטיילונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (יעווסעקציע), וועלכע האָט פון אָנהייב אָן אָנגעפירט אַ שרעקלעכן טאָג־טעגלעכן קאַמף און „איינגעריסן וועלטן” צו דערשטיקן און פאַרניכטן יעדע מעג־לעכקייט פון ציוניסטישע אָדער ארץ־ישראל אַרבעט און זיי, די יידישע קאָמוניסטן, האָט זיך סוף־כל־סוף איינגעגעבן צו פאַרניכטן אינגאַנצן וועלכע עס איז איניציאַטיווע אויף דעם געביט און ברענגען צום אַרעסט און פאַרשיקונג פון ציוניסטישע טוער, אַזוי אַז די ציוניסטישע באַוועגונג האָט געמוזט אינגאַנצן אַראָפּ אין אונטערגרונד און פון דאָרט אָנפירן אירע טעטיקייטן.

.3

זינט דעם 22־טן יוני, 1941, איז געקומען אַ מערקווירדיקע דערנעענטערונג צווישן דעם יידישן פאָלק און די סאָוועטישע יידן ווי צווישן סאָוועט רוסלאַנד מיט די יידן פון ארץ־ישראל. אוסישקין האָט דער ערשטער, געציילטע וואָכן פאַר זיין טויט, גערעדט דורך ראַדיאָ פון ירושלים צו די סאָוועטישע יידן אונטער דער לאָזונג „לא אמות כי אחיה”; דער געגרינדעטער אַנטי־פאַשיסטישער יידישער קאָמיטעט אין רוסלאַנד, כאָטש באַשטייענד אין גרעסטן טייל פון יידישע קאָמוניסטן, האָט אָנ־געהויבן רעדן אין קאַטעגאָריעס פון יידישער געשיכטע, יידישע העלדן און יידיש מאַרטירערטום און די נעמען פון רבי עקיבא, בר־כוכבא, רמב”ם, יהודה הלוי א. א. פיגורירן פּראָמינענט אין יעדן אויפרוף און ווענדונג פון די סאָוועטישע יידן צום יידישן

פאָלק. דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל ווידער, האָט אָר־גאַניזירט גרויסע הילף פאַר די העלדישע קעמפער פון סאָוועט־רוסלאַנד אַזוי אַז ארץ־ישראל יידן ווערן אַרויסגעשטעלט אפילו דורך קאָמוניסטישע קרייזן ווי אַ מוסטער פון הילף און סימפּאַטיע פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד; ספּעציעלע סאָוועטישע פאָרשטייער זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל צו באַגריסן אַ הילפס־קאָנפערענץ פאַר רוסלאַנד אַראַנזשירט דורך ציוניסטישע פירער, און לויט די לעצטע ידיעות האָבן די דאָזיקע סאָוועטישע פאָרשטייער איצט צוגעגרייט אַ פולשטענדיקן באַריכט פון די גרויסע יידישע אויפטוען און וועגן די וואונדערבאַרע יידישע „קאָלכאָזן" (קבוצות) וועלכע זיי האָבן געזען אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער באַריכט איז פאַרשפּרייט געוואָרן בלויז צווישן די העכערע סאָוועטישע באַאַמטע, וועלכע האָבן צום ערשטן מאָל זינט דער עקזיסטענץ פון סאָוועטן־פאַרבאַנד געהערט אַ ריכטיק אומ־פאַרטייאיש וואָרט וועגן דעם אמתן צושטאַנד און וועגן די יידישע אויפטוען אין ארץ־ישראל. מיר האָבן אויך געלייענט אין דער פּרעסע זייער אינטערעסאַנטע באַריכטן וועגן דראַמאַטישע באַגעגנישן וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין נאָענטן מזרח צווישן יידישע פרייוויליקע פון ארץ־ישראל און יידישע רויטע אַרמייער. די לעצטע האָבן פּלוצלונג דערהערט דעם קלאַנג פון אַ שפּראַך וואָס דערמאָנט זיי אין זייִדנס סידור, אין זייערע אייגענע קינדער־יאָרן, ווי אויך לאַנג פאַרגעסענע זכרונות לעבן אויף און שטעלן זיך פאַר זייערע אויגן.

די דאָזיקע אַלע פאַקטן זיינען פון גרויס וויכטיקייט אין דעם איצטיקן מאָמענט, ווען יידיש בלוט גיסט זיך ווי וואַסער און ווען אַן אומווירדיקער שונא האָט זיך געשטעלט אַלס ציל די פאַרניכטונג פון יידישן פאָלק. דאָס רוסישע יידנטום ווערט און קאָן איצט ווידער אָנהייבן צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק ווי אין די אַמאָליקע צייטן. די סאָוועטישע רעגירונג קאָן און דאַרף איצט זיך אָנצוהייבן

מער אינטערעסירן מיטן גורל און מיט די ליידן פון יידישן פאָלק, וועלכעס זוכט אַ באָדן אונטער די פיס. אויף דער קומענדיקער שלום־קאָנפערענץ וועט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד זיכער שפּילן אַ גרויסע ראָלע און ער דאַרף און וועט, האָפנטלעך, שטיצן די יידישע פאָדערונגען אויף ארץ־ישראל. עס איז אפילו געקומען די צייט צו קלערן וועגן דער לעגאַליזאַציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אויב ניט אַלס אָפּטיילונג פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג, איז כאָטש אַלס געזעלשאַפט פאַר עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל און שטיצע פאַר דעם ארץ־ישראל אויפבוי, ווי עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן פריער וועגן די השתדלות פון פּראָפ. דוד שאָר און אינזש. ראַבינאָוויטש אין 1925. די ביטערע געגנערשאַפט פון די יידישע קאָמוניסטן איז געבראָכן. קיין „יעווסעקציע" עקזיסטירט שוין מער ניט (דער לעזער וועט אין דער דאָזיקער בראָשור געפינען דעם אינטערעסאַנטן פאַקט, אַז מיכאעלס, דער איצטיקער פרעזידענט פון אַנטי־פאַשיסטישן יידישן קאָמיטעט, האָט נאָך מיט יאָרן צוריק אונטערגענומען שטאַרקע און ערפאָלגרייכע אינטערווענצן לטובת דער יידישער שול אין מאָסקווע). עס איז, אַלזאָ, געקומען די צייט אַז די כינעזישע וואַנט, וועלכע האָט אָפּגעטיילט די יידן פון סאָוועט־רוסלאַנד מיט זייערע ברידער אין דער גאַנצער וועלט זאָל געבראָכן ווערן און דער שבט רוסלאַנד זאָל ענדלעך ווערן אַריינגענומען אַלס פול־באַרעכטיקטער מיטגליד אין דער גרויסער יידישער משפּחה.

ניו־יאָרק, אַפּריל, 1943.

# דריי מתנות — שנת ה׳ אלפים ת״ש

זייענדיק אַליין איינער פון די אַקטיווע ציוניסטן אין גע־וועזענעם פּוילן און קומענדיק איצט אין באַרירונג מיט אַזוי פיל סאָוועטישע יידישע באַאַמטע און מיליטער לייט וועלכע זיינען אַנגעקומען אין די אָקופּירטע געוועזענע פּוילישע געביטן, האָט מיר שטאַרק אינטערעסירט צו וויסן אויב עס איז נאָך דאָ אַ שפּור פון ציוניסטישן געדאַנק אין דער סאָוועטישער מדינה. עס איז ניט געווען אַזוי גרינג אַרויפצופירן עמעצן פון די הונדערטער ציווילע אָדער מיליטערלייט מיט וועלכע איך האָב גערעדט, אויף דער דאָזיקער טעמע, אָבער איינגאַנצן אומערוואַרטעט זיינען מיר געקומען, אין דעם ערשטן האַלבן יאָר, די פאָלגנדע 3 מתנות פון סאָוועטישע בעאַמטע וועלכע האָבן מיר אין אַ גרויסער מאָס אַריינגעפירט אין דעם לאַבירינט פון דער פראַגע וואָס הייסט: ציוניזם אין סאָוועט רוסלאַנד. און איך שילדער דעריבער צום אַלעם ערשטן די דאָזיקע 3 מתנות לויטן סדר ווי איך האָב זיי געקראָגן.

## א.

אין די ערשטע וואָכן, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט אָקופּירט געוועזענע פּוילישע געביטן, בין איך, אין אַ געוויס שטעטל, אַריין צו אַ פריזירער זיך אָפּשערן. האָב איך גע־טראָפן דעם שערער אַרבעטן איבער אַ רויט־אַרמייער, לויט די דריי קוואַדראַטלעך אויפן מונדיר — אַן אויבער־לייטענאַנט. אין זיינע שוואַרצע אויגן האָב איך גלייך דערקענט דעם יידן.

דער שערער האָט מיט דעם סאָוועטישן אָפּיציר ניט געפירט קיין שמועסן, און איך האָב אין דער שטילקייט גערולדיק געוואַרט אויף מיין ריי. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן און דער אָפּיציר האָט זיך גענומען גרייטן אַוועקצוגיין, איז אַריינגעקומען אַן עלטערער ייד און געבעטן ביים שערער זיין שטענדיקע ביישטייערונג פאַר דער אָרטיקער תלמוד־תורה (אין די ערשטע חדשים האָבן די אַלטע דערציאונגס־אַנשטאַלטן עקזיסטירט ווי געווינלעך). ער האָט אַרויסגענומען אַ מטבע און דער ייד האָט פון אַ ביכל אויסגעשריבן אַ קבלה. דער אָפּיציר האָט זיך דאַן געווענדט אויף יידיש צום שערער, ער זאָל אים זאָגן אויף וואָסער צוועק ער גיט זיין ביישטייערונג. און ווען יענער האָט אַ ביסל אין פאַרלעגנהייט אים אויפגעקלערט, אַז אין שטעטל איז דאָ אַ תלמוד־תורה, וואו אָרעמע קינדער לערנען און די לערער ווערן אויסגעהאַלטן פון ביישטייערונגען, האָט דער אָפּיציר, צו מיין גרויס איבערראַשונג, אַרויסגענומען אַ רובל און דערלאַנגט דעם אלטן...

דער ייד, באַגייסטערט פון דער נדבה וואָס ער האָט פלוצלונג געקראָגן פון דעם אָפּיציר, האָט מיט ברען אויסגערופן:

— אַ גרויסן דאַנק אייך! גאָט זאָל אייך העלפן איר זאָלט זיין אַן אָפּיציר אין דער יידישער אַרמיי אין ארץ־ישראל!...

איך האָב געקלערט אַז דער אָפּיציר וועט אין כעס ווערן אָדער מאַכן אַ גרויס געלעכטער פון אַזאַ ברכה. מיין איבערראַשונג איז אָבער נאָך גרעסער געוואָרן ווען דער אָפּיציר האָט אויסגערופן: „אָ! פאַר אַזאַ ברכה איז איין רובל ניט גענוג!" ער האָט אַרויסגעכאַפּט נאָך אַ פּאַפּירל פון 5 רובל, דערלאַנגט דעם אַלטן און איז גלייך פאַרשוואונדן, ניט טרעפנדיק זיך מיט קיינעמס בליקן...

## ב.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום, אין אַ צווייטער שטאָט, בין איך אין אַ פאַרנאַכט געזעסן ביי מיינעם אַ פריינט, פון די געוועזענע וויכטיקע ציוניסטישע טוער. מיר האָבן געשמועסט וועגן דער ערנסטער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אין די אָקופּירטע געביטן בנוגע געוועזענע ציוניסטישע עסקנים.

פּלוצלונג איז אַריינגעקומען אין צימער מיין פריינטס פרוי און מיט שרעק געמאָלדן, אַז 2 רוסן זיינען געקומען און זאָגן אַז זיי מוזן אים זייער נייטיק זען. איך האָב אין דער טונקל דערזען מיין פריינטס בלאַס געזיכט, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן און געגומען שפּאַנען איבערן צימער. נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת האָט מען די געסט אַריינגעבעטן. די ערשטע פראַגע פון די אַריינגעקומענע איז געווען:

— זייט איר דאָס געווען איינער פון די וויכטיקע ציוניסטן דאָ אין שטאָט ? ! . . .

און ווען מיין פריינט האָט אין גרויס פאַרלעגנהייט גע־פּרואווט עפּעס צו זאָגן, האָבן זיי גלייך צוגעגעבן:

— איר דאַרפט זיך ניט שרעקן פאַר אונדזער פראַגע. מיר ווילן איר זאָלט אונדז גלייבן, אַז מיר זיינען אַליין געווע־זענע ציוניסטישע טוער, און כאָטש מיר זיינען היינט סאָוועטישע באַאַמטע און האָבן מער ניט קיין שייכות צום ציוניזם, אינטערעסירט אונדז צו וויסן וואָס עס טוט זיך אין ארץ־ישראל. פון צייט צו צייט פלעגן מיר קריגן זייער מאָגערע ידיעות, וואָס אַ סך פון זיי זיינען פאַר אונדז ניט קלאָר. זעלבסטפאַר־שטענדלעך, עס איז זייער שווער צו קריגן אויפקלערונגען וועגן דעם. איצט, אַז מיר געפונען זיך דאָ, ווילן מיר פשוט ביי אייך קריגן געוויסע אינפאָרמאַציע און, צום אַלעם ערשטן, אויפקלערונגען וועגן זאַכן, וואָס מיר האָבן געהערט און ווייסן ניט זייער באַשייד. און זיי האָבן גלייך געשטעלט דריי פראַגעס:

פראַגע נומער איינס: וואָס אַזוינס איז געשען אַרום דעם ד"ר אַרלאַזאַראָוו מאָרד?

פראַגע נומער צוויי: וואָס אַזוינס איז די „חלוקה־פראַגע?

פראַגע נומער דריי: וואָס מיינט דאָס וואָרט „חניתא", וואָס איז אַזוי פּאָפּולער אין ארץ־ישראל?

עס האָט געדויערט אַ שטיקל צייט ביז די דאָזיקע צוויי פּערזאָנען האָבן געקראָגן אונדזער צוטרוי און ערשט דאַן האָבן מיר געענטפערט אויף זייערע פראַגעס. דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין אָוונט, און ווען מיר האָבן זיך אויפגעהויבן, האָבן מיר זיך געזעגנט מיט די צוויי יידן גלייך ווי וויטע ברידער, וואָס האָבן זיך יאָרנלאַנג ניט געזען, האָבן זיך צוריק געטראָפן און זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן...

ג.

אַ שטיקל צייט שפּעטער בין איך געווען אין לעמבערג און אַ באַקאַנטער מיינער האָט מיר דערציילט אַז פון זיינע פינף צימערן וואָס ער האָט געהאַט האָט ער דריי צימערן אָפּגעגעבן אַ סאָוועטישן פּאָלקאָווניק, וואָס איז אַ קלוגער און אינטעליגענטער מענטש. ער האָט מיר איינגעלאַדן צו כאַפּן אַ שמועס מיטן דאָזיקן יידישן פּאָלקאָווניק און איך בין גערן געקומען און זיך טאַקע איבערצייגט, אַז ער איז זייער אַ סימ־פּאַטישער מענטש און מיר זיינען גיך געוואָרן „היימיש" און געשמועסט אָן מורא.

מיר האָבן גערעדט וועגן לויפנדיקע פּאָליטישע ענינים, וועגן דער מלחמה, אָבער מיר זיינען גיך אַריבער צו יידישע ענינים. דער פּאָלקאָווניק האָט מיט וויסן און איבערצייגונג גערעדט וועגן דער יידישער לאַגע אויף דער וועלט און, ווי געוויינלעך, געהאַלטן, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד איז די יידנ־פראַגע געלייזט און יידן זיינען דאָ גליקלעכער פון אַלע יידן

אויף דער גאַנצער וועלט ,איך האָב דאָן דערמאָנט וועגן די האָפענונגען אויף ארץ־ישראל, וואו די יידישע פראַגע קען אין אַ געוויסער מאָס געלייזט ווערן און וואו יידן פילן זיך גליקלעך. ער האָט מיך אָנגעקוקט דערשטוינט:

— איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלייבט אויף איך, האָט ער געזאָגט, איר זאָלט טאַקע מיינען ערנסט צו לייזן די יידנפראַגע אין אַ לאַנד, וואָס איז באַזעצט פון אַראַבער און וואָס לעבט בלויז אין די טרוימען פון אַלטע יידן צו פאָרן אַהין שטאַרבן . . .

איך מיטן באַלעבאָס פון הויז האָבן זיך דורכגעקוקט מיט אַ שמייכל. מיין באַקאַנטער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אויסגערופן:

— עס איז דאָך אָבער פאָרט אוממעגלעך אינגאַנצן מבטל זיין אַ האַלבן מיליאָן יידן, וואָס האָבן פאַרלאָזן די פּאָגראָם־לענדער און בויען אַ גליקלעכע צוקונפט אין ארץ־ישראל; מ׳קען דאָך פאָרט ניט מאַכן צו קליינגעלט אַ גרויסע ציוניס־טישע באַוועגונג מיט צענדליקער טויזנטער העלדישע חלוצים, וואָס האָבן געשאַפן אַ מוסטער פון אַ ניי, גערעכט לעבן!

— איך ווייס וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט ער געענטפערט. איך ווייס וועגן חלוצים, וואָס זיינען געפאָרן טרוקענע זומפן, אפילו פון סאָוועט־רוסלאַנד איז מען אַהין געפאָרן. איר וועט אָבער ניט לייקענען דעם פאַקט, אַז אַלץ האָט זיך ביטער געענדיקט. די אַראַבער זיינען אויפגעשטאַנען, די ענגלענדער האָבן אָפּגענאַרט און אַלץ איז חרוב געוואָרן. פאַרוואָסזשע זוכט איר אויפצולעבן נאַרישע טרוימען, וואָס האָבן זיך אַזוי טרויעריק געענדיקט? . . .

ער האָט גערעדט זייער ערנסט, דער פאַלקאָוויק, און מיר האָבן דערפילט, אַז ער איז פשוט ניט אינפאָרמירט. ער האָט נאָך ביי 1920. מיין באַקאַנטער, וואָס האָט צוריק מיט עטלעכע יאָר באַזוכט ארץ־ישראל, האָט דעמאָלט אַרויסגע־נומען פון זיין אַרכיוו זייער שיינע אַלבומען מיט בילדער פון

די יידישע שטעט און קאָלאָניעס, פון יידישער פּראַצע און פון די גרויסע יידישע אויפטועז אויף אַלע געביטן. מיר האָבן אָנגעהויבן פונעם עמק־יזרעאל, פון תל־אביב, חיפה און איבער־געגאַנגען צו אַלע נייעסטע קיבוצים, קאָלאָניעס און אינדוס־טריעס, צו דער גייסטיקער אויפלעבונג אאז״וו. אויף די שיינע פּרעכטיקע בילדער האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— זייער שיינע פאַנטאַזיעס פון אַ מאָלער!...

איבער אַ שעה האָבן מיר זיך געאַמפּערט. ער האָט זיך פאַרטיידיקט ווי אַ לייב מיט אַ סך וויסן און אינטעליגענץ, ער האָט זיך אָבער געמוזט אונטערגעבן די לעבעדיקע פאַקטן און די קלאָרע באַווייזן, וואָס מיר האָבן אים געשילדערט מיט אַלערליי פּרטים און מיט דער פולסטער זיכערהייט.

האָט ער דאַן מיט אַ מעלאַנכאָלישן טאָן צוגעגעבן:

— עס פאַרדריסט מיר בלויז וואָס איך, אַ מאַן פון איבער פופציק, פון אַ הויכן מיליטערישן ראַנג, זאָל ניט וויסן פון אַזוינע פאַקטן וואָס עקזיסטירן אונטער מיין נאָז. איך וועל וועגן דעם דאַרפן אַ ביסל אַ טראַכט טאָן...

# די אונטערערדישע ציוניסטישע אַרבעט

אין איינער פון די גרויסע רוסישע שטעט איז אין אַ געוויסן פרימאָרגן געקומען צו מיר אַ פרוי אין די דרייסיקער. און פון איר האָב איך זיך אַ סך דערוואוסט מכח דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן, אַז זי איז אַ געהילפס־דירעקטאָרין פון אַ סאָוועטישער אינסטיטוציע. צו מיר איז זי לכתחילה געקומען אָפּצונעמען אַ גרוס פון אונדזער אַ בשותפותדיקן באַקאַנטן. אַרום אַ האַלבע שעה האָבן מיר גערעדט גלאַט אין דער וועלט אַריין, ביז איך האָב אָנגעהויבן חושד צו זיין, אַז זי האָט עפּעס אַ שייכות צו ציוניסטישע ענינים. איך האָב זיך באַמיט אַריינצוזאָגן אָט־די טעמע אין אונדזער געשפּרעך, אָבער זי האָט ניט געלאָזן.

סוף־כל־סוף האָב איך זי געפרעגט צי זי ווייס עפּעס וועגן דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג און סאָוועט־רוסלאַנד. זי האָט כלומרשט מיט פאַרוואונדערונג געענטפערט, פונוואַנען קומט צו מיר דער געדאַנק, אַז זי זאָל האָבן אַ שייכות מיט אָט־דעם ענין? עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און זי האָט מיר מודה געווען, אַז זי איז טאַקע געווען פון די פירער פון דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג און איז נאָך היינט טעטיק אין אַ געוויסער מאָס. מיר האָבן שוין, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אויסגענוצט די עטלעכע טעג, וואָס איך בין פאַרבליבן אין שטאָט, צו דיסקוטירן פאַרשיידענע ציוניסטישע פּראָבלעמען און צו שמועסן וועגן די אויסזיכטן אויף דער צוקונפט. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אינפאָרמירט געוואָרן וועגן מיין שייכות צו ציוניסטישע ענינים.

פריער פון אַלץ האָבן מיר אינטערעסירט די טעטיקייטן פון דער אומלעגאַלער באַוועגונג. זי האָט מיר אויספירלעך געשילדערט דאָס דאָזיקע אינטערעסאַנטע קאַפּיטל ציוניסטישע געשיכטע. איך האָב זיך דערוואוסט וועגן אַ יוגנט, הגם דערצויגן אונטער די סאָוועטישע באַדינגונגען, איז זי דאָך געבליבן געטריי די נאַציאָנאַלע אידעאַלן פון יידישן פאָלק. איך האָב געהערט דעם אומבאַשרייבלעך שווערן וועג פון דער ציוניסטישער יוגנט, וואָס האָט מיט אויסערגעוויינלעכער מסירת־נפש געקעמפט פאַר די ציוניסטישע אידעאַלן. עס איז נאָך ניט געקומען די צייט צו פאַרעפנטלעכן אַלץ וואָס איך האָב געהערט, איך וועל אָבער אין קורצן איבערגעבן די געשיכטע און טעטיקייטן פון דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג אין סאָוועט־רוסלאַנד און די פּלענער פאַר דער צוקונפט.

ווען די ציוניסטישע אַרבעט האָט געמוזט אינגאַנצן ווערן אונטערערדיש, זיינען געבליבן בלויז די ציוניסטישע יוגנט־גרופּעס, וואָס האָבן זיך אַלע פאַראייניקט אין איין אָרגאַניזאַציע. פון איין זייט זיינען די אויפגאַבעס פון דער באַוועגונג געווען צו פאַרשטאַרקן דעם ציוניסטישן אידעאַל צווישן יידישע אַרבעטער און יוגנטלעכע, און פון דער צווייטער זייט אָנצופירן, מיט דער גאַנצער ענערגיע, דעם קאַמף קעגן דער יעווסעקציע (יידישע אָפּטיילונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי). די פּאָליסי פון דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג איז געווען צו העלפן אָרגאַניזירן יידישע שולן, יידישע ביבליאָטעקן און יידישע אַרבעטס־קלובן. כאָטש די דאָזיקע אינסטיטוציעס זיינען געוויינלעך געווען ריין־קאָמוניסטישע, האָט אָבער די ציוניסטישע יוגנט אויסגענוצט די דאָזיקע אינסטיטוציעס צו דעמאָסקירן די יעווסעקציע און זי אַרויסצושטעלן פאַר די אַרבעטער־מאַסן, אַז איר, דער יעווסעקציע, קימערט גאָרניט די יידישע שפּראַך און קולטור און אַז זי האָט אַסימילאַטאָרישע טענדענצן.

די ציוניסטישע יוגנט באַוועגונג האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע מיידלעך יינגער פון 18 יאָר — די פרוי מיט וועלכער איך האָב גערעדט איז געווען איינע פון די אָנפירערינס — און די דאָזיקע מיידלעך פלעגן קומען צו די פאַרזאַמלונגען, וואָס די יעווסעקציע פלעגט איינאָרדענען אין די פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך. ווען דער פאָרזיצער פלעגט פרעגן צי עמיצער וויל שטעלן אַ פראַגע, פלעגט זיך אַ מיידל, דעלעגירט צו דער פאַרזאַמלונג, אויפשטעלן און אויסרעכענען אַלע חטאים פון דער יעווסעקציע לגבי דער יידישער קולטור און אַז זי פאַרנאַכלעסיקט יידישע אינסטיטוציעס. די אויפגאַבע פון דער אָרטיקער ציוניסטישער יוגנט איז געווען אַכטונג צו געבן, אַז אין טומל, וואָס עס פלעגט נאָך אַזעלכע באַשולדיקונגען אַרויסקומען, זאָל דאָס מיידל קענען גלייך פאַרשווינדן און זיך באַהאַלטן אין אַ זיכערן פּלאַץ, כדי מען זאָל זי ניט קענען אַרעסטירן. די ציוניסטישע יוגענט אין סאָוועט־רוסלאַנד נעמט זיך אַ גרויסן טייל קרעדיט פאַר דער מפּלה פון דער יעווסעקציע, פאַר דעם וואָס זי האָט פאַרלאָרן דעם צוטרוי פון די יידישע אַרבעטער, און וואָס די סאָוועט־רעגירונג האָט געפונען פאַר נייטיק, צוליב אַ ריי סיבות, די יעווסעקציע אינגאַנצן אויפצולייזן.

אַ חוץ דעם האָט די ציוניסטישע יוגנט איינגעאָרדנט אַ ריי דעמאָנסטראַציעס און אַרויסגעגעבן שריפטן און אויפרופן. אין עטלעכע גרעסערע שטעט זיינען אפילו פאָרגעקומען אַזעלכע קוריאָזן: די באַפעלקערונג האָט דורך די צייטונגס־פאַרקויפער געקראָגן די ציוניסטישע אויפרופן ווי אַן „אומזיסטע ביילאַגע" צו דער „איזוועסטיאַ" און „פּראַוודאַ"... אַנווענדנדיק אַלע כללים פון קאָנספּיראַציע האָט מען דורך פאַרשיידענע אופנים געקראָגן צענדליקער טויזנטער אַדרעסן, וואו עס פלעגן רעגולער אָנקומען דורך פּאָסט אַלע ציוניסטישע פּובליקאַציעס. די פּובליקאַציעס פלעגן אַרויסגעשיקט ווערן אַלעמאָל פון פאַרשיידענע פלעצער, און עס איז געווען אַ רעטעניש ווי אַזוי

עס איז דער ציוניסטישער יוגנט געלונגען אויסצונוצן די פּאָסט פאַר אַזעלכע צוועקן. אין אַ סך פלעצער האָט זיך דער מימעאָגראַף, וואָס פלעגט דרוקן די ציוניסטישע שריפטן, געפונען צוליב פאָרזיכטיקייט, אין לאָקאַל פון ... קאָמוניסטישן קלוב.

שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן אַרעסטן. דאָס האָט שטאַרק געשטערט די אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין 1928 האָט מען אָפּגעהאַלטן אַ געהיימע קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער יוגנט, וואָס האָט באַשלאָסן זיך אָפּצוהאַלטן פון עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען, זיך אינגאַנצן אָפּגעבן צו צעמענטירן די געבליבענע ציוניסטישע מחנה, און פאַרטיפן דעם ציוניסטישן באַוואוסטזיין. גראָד זיינען אין יענער צייט אַריינגעקומען אַ סך נייע יוגנטלעכע אין דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג. זיי זיינען שוין דערצויגן געוואָרן אין די נייע באַדינגונגען. מיט זיי האָט מען געמוזט אָנהייבן צו קנעלן דעם ציוניסטישן אלף־בית...

אין 1931 האָט די אומלעגאַלע באַוועגונג ווידער אָנגענומען אַ נייע ווענדונג. דער גרעסטער טייל פון דער ציוניסטישער מחנה איז געווען אין פאַרשיקונג און ווייל ער האָט זיך לרוב געפונען אין די אַזיאַטישע געביטן פון רוסלאַנד האָט ער דורך דאָרט געקענט שאַפן אַ פאַרבינדונג מיט ארץ־ישראל. די חברים אין דער פאַרשיקונג האָבן אַזוינאָך געקראָגן ידיעות פון ארץ־ישראל און זיי איבערגעשיקט צו די חברים אויף די ערטער, און יענע האָבן ווידער די ידיעות פאַרשפּרייט צווישן די ציוניסטישע סימפּאַטיקער.

אויך איז אין יענער צייט אויפגעקומען אַ געוויסע מעגלעכקייט פאַר איינצלנע פערזאָנען צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. אַ סך פון דער פאַרשיקונג און אַ סך פון די געוועזענע חלוצים האָבן טאַקע געקראָגן אַזאַ געלעגנהייט. און די אַרבעט פון דער אומלעגאַלער ציוניסטישער באַוועגונג איז געווען צו

שאַפן מיטלען און מיטהעלפן די דאָזיקע עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל.

אין 1935 איז ווידער געקומען אַ גרינדלעכע ענדערונג אין דער לאַגע. דאָס לאַנד האָט זיך דאַן געפונען אין כאַאָס פון די באַקאַנטע „רייניקונגען". זיינען אַ סך ציוניסטישע גרופּעס אינגאַנצן חרוב געוואָרן. פון קיין ציוניסטישע טעטי־קייט האָט קיין רייד ניט געקענט זיין, מ׳האָט באַדאַרפט זוכן נייע וועגן און נייע מעטאָדן.

ערשט אין יאַנואַר 1937 זיינען זיך אין מאָסקווע צוזאַמענ־געקומען אַרום 20 פאָרשטייער פון 15 גרעסערע שטעט, וואו עס האָבן נאָך עקזיסטירט געקליבענע ציוניסטישע גרופּעס. דריי טעג זיינען די דאָזיקע פאָרשטייער געזעסן און געזוכט עצות און פּלענער ווי אַזוי אויפצופרישן און איינצופלאַנצן אין יידישע הערצער דעם ציוניסטישן אידעאַל. מען האָט דאָרטן באַשלאָסן, אַז יעדער איינער מוז נעמען אַ סך שטאַרקערן אַנטייל אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד און שאַפן אַרום זיך אַ גרעסערן קרייז. די איינציקע זאַך, וואָס מען זאָל טאָן אויפן געביט פון ציוניזם, איז צו זאַמלען ידיעות וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג און וועגן ארץ־ישראל און זיי פאַר־שפּרייטן צווישן יידן און ספּעציעל צווישן סימפּאַטיקער פון ציוניזם. מ׳האָט אויך באַשלאָסן, אַז יעדער פאַראַנטוואָרטלעכער ציוניסטישער חבר דאַרף זיך באַמיען אַ סך צו לערנען; טיפער צו פאַרשטיין און זיין מער איבערצייגט אין ציוניסטישן אידעאַל; צו זיין אַ מוסטער פאַר אַלעמען מיט זיין ערלעך און באַשיידן לעבן; און ניט זיין פאַרוויקלט אין קיין שום פּאָליטישע טעטי־קייטן. דאָס אַלץ דאַרף מען טאָן צוליב אַ כוונה: ווען די צייט וועט קומען זאָלן די דאָזיקע חברים האָבן אַרום זיך אַ קרייז, וואָס זאָל האָבן צו זיי דעם פולשטענדיקן צוטרוי און וואָס זאָל גלייך קענען אַריינגעצויגן ווערן אין דער ציוניסטישער אַרבעט.

ווען מיר האָבן געפירט דעם שמועס איז שוין די לאַגע ווידער געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע. געוועזענע פוילישע טיילן פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, בעסאַראַביע, בוקאָווינע, ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד זיינען געווען פאַראייניקט צום סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין די דאָזיקע ערטער האָבן עקזיסטירט שטאַרקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און גרויסע חלוצישע באַוועגונגען. מיר האָבן דיסקוטירט די פראַגע וועגן קומען אין קאָנטאַקט מיט די ניי־צוגעקומענע געביטן. די פרוי האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָבן סאָוועטישע יידן אויפסניי זיך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון יידישן פאָלק און מיט דער יידישער צוקונפט. אַזוי אַז עס ווייזן זיך נייע האָריזאָנטן פאַר ציוניסטישער טעטיקייט.

# עוד לא אבדה תקותנו!

1

אין דער צייט פון די נאָוועמבער פייערונגען, דעם 7־טן און 8־טן נאָוועמבער, 1940, בין איך געווען אין מאָסקווע. איך האָב נאָכגעפאָלגט די ריזיקע פייערונגען אין מיליטער־פּאַראַדן אויפן רויטן סקווער מיט סטאַלינען, וואָראָשילאָוון, קאַגאַנאָוויטשן און אַנדערע סאָוועטישע פירער אין דער שפּיץ. נאָך די אַלגעמיינע דעמאָנסטראַציעס האָט זיך יעדע גרופּע אָפּגעטיילט אין געפּראַוועט באַזונדער דעם יום־טוב. אפילו די גרויסע מאָסקווער סינאַגאָגע האָט אַרויסגעהאַנגען אַ גרויסע סאָוועטישע פאָן. זי איז געווען פאַרמאַכט ביידע טעג לכבוד יום־טוב . . . דער פאַרוואַלטער פון דער שול, שמואל טשאָברוצקי, האָט מיך געלאַדן אויף אַ מאָלצייט, וואָס ער האָט אַראַנזשירט לכבוד הויכגעשטעלטע סאָוועטישע באַאַמטע . . .

איך האָב געפּראַוועט דעם יום־טוב אין הויז פון מיינע באַקאַנטע. עס זיינען זיך צונויפגעקומען דריי יידישע דורות: טאַטע־מאַמע — וואָס האָבן געשטעקט אין פאַרגאַנגענעם יידישן דור; זייערע קינדער סאָוועטישע אָנגעשטעלטע — אינזשינערן און דאָקטוירים; און די אייניקלעך — שוליוגנט. דער אַלטער איז געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם און פון די אַמאָליקע חובבי־ציון. דער געשפּרעך האָט זיך געצויגן וועגן לעבן אין אַמעריקע, וואָס דער גאַסט פון אַמעריקע האָט באַדאַרפט דערציילן מיט אַלע פּינקטלעכקייטן. אַלע האָבן זיך באַטייליקט אין שמועס, אַ חוץ די אייניקלעך. זיי זיינען געווען פאַרנומען

מיט די איינדרוקן פון די דעמאָנסטראַציעס און, אַ חוץ דעם, האָבן זיי קיין יידיש ניט פאַרשטאַנען. ערשט אַז כ'האָב אַרויס־גענומען פון מיין וואַליז אַן עלעקטרישע ראַזיר־מאַשין זיינען זיך די אייניקלעך צוזאַמענגעלאָפן אָנצוקוקן דעם וואונדער.

איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פרעגן איינעם פון די יינגעלעך צי ער ווייס עפּעס וועגן דער יידישער שפּראַך און יידישע געשיכטע. ער האָט עס ניט פאַרשטאַנען און גע־ענטפערט פאַרוואונדערט: צוליב וואָס? אַלע זיינען ביי אונדז גלייך!

— זיכער, האָב איך צוגעגעבן, אָבער דיין טאַטע און זיידע באַלאַנגען צו אַ פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן גרויסע מענטשן און געהאָלפן דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט. פאַרוואָס זאָלסטו ניט וויסן וועגן דעם?

דער זיידע איז אויפגעשפּרונגען פון פלאַץ און אויסגע־דריקט זיין צושטימונג. טרערן האָבן זיך געקייקלט פון זיינע אויגן... די סצענע איז געווען זייער אַ פיינלעכע. די אייניקלעך האָבן אפילו ניט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און די זין האָבן עס דערקלערט מיט דער נייער אָרדענונג, וואָס וועט שאַפן אַ גערעכטע לעבן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. האָב איך שוין ווייטער אויסגענוצט די געלעגנהייט און האָב זיי אויספירלעך דערציילט וועגן די יידישע דערגרייכונגען אין ארץ־ישראל; וועגן די חלוצים אין ארץ־ישראל, וואָס בויען מיט בלוט און שוויס אַ גערעכטע געזעלשאַפט און אַ צוקונפט פאַרן יידישן פאָלק וואָס זוכט אַ באָדן אונטער די פיס.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך זיי האָבן ניט קיין אָנונג וועגן אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין ארץ־ישראל און וועגן דעם נייעם לעבן פון די פיאָנערן און חלוצים.

דער אַלטער האָט געשטראַלט פאַר נחת ווען איך האָב דערציילט אויספירלעך וועגן די יידישע אויפטוען אין ארץ־ישראל און ווען איך האָב געענדיקט האָט ער זיך ווידער אויפגעכאַפּט פון זיין פלאַץ און דאָסמאָל מיט טרערן פון

שמחה אין די אויגן אויסגעזונגען אין אַ פֿייערלעכן טאָן די „התקוה". די קינדער און אייניקלעך האָבן מיט אַן ערנסטער מינע און מיט יראת־הכבוד נאָכגעפֿאָלגט זיין באַגייסטערונג און זיך איינגעהערט אין דער מעלאָדיע פֿון דער אייביקער יידישער האָפֿענונג וואָס האָט אָפּגעקלונגען איבערן צימער:

— עוד לא אבדה תקותנו!...

.2

נאָך אַ שמועס וועגן ציוניזם האָב איך געהאַט פֿאַרנדיק אין באַן צווישן מאָסקווע און װלאַדיוואָסטאָק.

מיט איין רייזנדן וואָס איז געווען מיט מיר אין איין קופּע, בין איך געוואָרן באַפֿריינדעט. ער איז געווען אַ הויכער באַאַמטער אין מאָסקווע און איז צוריק מיט עטלעכע יאָר איבערגעשיקט געוואָרן צו אַן ענלעכן אַמט, אויף אַן אינדזל 5 טעג רייזע מיטן ים פֿון װלאַדיוואָסטאָק און 60 מייל פֿון אַלאַסקע... ער איז איצט געפֿאָרן פֿון זיין אורלויב אין מאָסקווע צוריק אויף זיין פּאָסטן. נאָך 2 טעג „אָפּגעפֿרעמדקייט" האָבן מיר זיך ענדלעך צוזאַמענגערעדט און די איבעריקע 8 טעג האָבן מיר שוין פֿאַרבראַכט אין שטענדיקע שמועסן. כאָטש ער איז שוין געווען אינגאַנצן אַסימילירט מיטן נייעם לעבן, האָט ער נאָך געדענקט אַ סך זאַכן פֿון דעם לעבן אין דער מאָסקווער יידישער פֿאַמיליע פֿון וואַנען ער שטאַמט.

דער דאָזיקער יונגערמאַן איז געווען אַ וואונדערלעכער מיטשפּרעכער, ער האָט פֿאַרמאָגט אַ שאַרפֿן אַנאַליטישן מוח. און כאָטש ער האָט ניט גערן גערעדט איבער פּאָליטישע ענינים, האָב איך אים געפּאַקט אין אַ מאָמענט, ווען ער איז געווען באַזונדערס אויפֿגעלייגט, און אים אַרויפֿגעפֿירט אויף די זאַכן וואָס האָבן מיר צומערסטן אינטערעסירט. (אויפֿגעלייגט איז ער געווען, ווייל אין לעצטן טאָג פֿון אונדזער רייזע האָב איך

ענדלעך מסכים געווען אים צו פאַרקויפן מיין עלעקטרישע ראַזיר־מאַשינקע, וואָס מיט איר האָב איך „אויפגערודערט" די גאַנצע באַן, דעמאָנסטרירנדיק יעדן טאָג אין ראַדיאָ־צימער אַן „עלעקטריש גאָלן" מיט אַן אַמעריקאַנישער ראַזיר־מאַשין . . .).

איך וועל אַלזאָ אין קורצן איבערגעבן זיין מיינונג וועגן ציוניזם און דער יידישער פראַגע:

— קיין יידישע פראַגע איז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ניטאָ, ווייל יידן זיינען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין סאָוועטישער ווירקלעכקייט, אין די פראַגעס פון אַרבעט און איבערבוי. און ווען עס איז פאַרשוואונדן דער אונטערשייד צווישן פעלקער און ראַסן, איז במילא בטל געוואָרן דער מאָטיוו אָדער די סיבה פאַר אָפּזונדערונג און אפילו פאַר אַ ספּעציעלער שפּראַך און קולטור.

דער אמת איז אָבער, אַז עס איז ניטאָ קיין כלל אָן אויסנאַמען. צוליב באַקאַנטע סיבות זיינען יידן קאָנצענטרירט אין די שטעט, און כאָטש אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען יידן אַריין אין דער אינדוסטריע און אין דער לאַנדווירטשאַפט, זיינען אָבער גרויסע טיילן געבליבן אין די שטעט און זיינען געבליבן ביי זייערע אַלטע פּרנסות, כאָטש ניט ביי זיך אַליין נאָר ווי אָנגעשטעלטע ביי דער מלוכה. דאָס ברענגט צו אומצופרידנקייט, בפרט נאָך, ווען עס עקזיסטירן שטענדיק אַנטאָגאָניזמען צווישן שטאָט און דאָרף. די דאָרפישע מיינען, אַז די שטאָטישע באַאַמטע האָבן אַ געלעגנהייט צו גיין אָנגעטאָן בעסער און זיי דאַרפן ניט האָרעווען אַזוי שווער. עס איז נאָך אויך פאַראַן אַ קליינע גרופּע, וואָס קען זיך נאָך אַלץ ניט צופּאַסן צו די סאָוועטישע באַדינגונגען, און עס איז דאָ אַ גרופּע, וואָס וואָלט וועלן אויפהאַלטן יידן ווי אַ פאָלק מיט אַ באַזונדער שפּראַך און קולטור. אָבער ווייל זיי האָבן ניט קיין באָדן און זיינען ניט קאָנצענטרירט, קען עס ניט פאַרווירקלעכט ווערן (בּיראָ־בּידזשאַן האָט געזאָלט פאַרענטפערן אַ טייל פראַגעס, אָבער בּיראָ־בּידזשאַן איז דורכגעפאַלן צוליב דער געאָגראַפישער לאַגע

און צוליב פּאָליטישע סיבות). די דאָזיקע גרופּעס קענען ביי גינסטיקער געלעגנהייט ווערן קאַנדידאַטן פאַר ציוניזם.

— מיר האָבן זיך אַ שטייגער ניט פאָרגעשטעלט אַז מאָלאָ־טאָוו זאָל פאָרן צו היטלערן קיין בערלין (דאָס געשפּרעך פון טאָג איז דעמאָלסט געווען מאָלאָטאָווס וויזיט אין בערלין), אַזוי קען קומען אַ צייט ווען עס זאָל הערשן פריינטשאַפט צווישן אונדז און ענגלאַנד, און דעמאָלסט וועט די פראַגע פון ציוניזם און פּאַלעסטינע אָננעמען אַן אַנדער ווענדונג. עס איז אַלזאָ ניט אויסגעשלאָסן, אַז עס קען נאָך אַ מאָל קומען אַ צייט ווען אַ ציוניסטישע באַוועגונג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָל לעגאַלי־זירט ווערן...

.3

דאָס איז געווען די מיינונג פון אַ סאָוועטישן באַאַמטן סוף 1940. אונדזער געשפּרעך איז געווען אַ שטרענג־פּריוואַטער, און עס קאָן זיין אַז ער האָט דאָס גלאַט געזאָגט, כדי מיר צו טאָן אַ טובה... איך האָב אָבער געהאַט אַ סך אַנדערע באַווייזן, אַז אין די דאָזיקע ווערטער איז דאָ אַ סך אמת...
און איצט, 2 יאָר שפּעטער, אָנהייב 1943, איז די דאָזיקע וויכטיקע פראַגע זייער אַקטועל און אַ סך נעענטער צו דער ווירקלעכקייט. זינט דעם 22־טן יוני 1941 שטייען מיר אין געמיינזאַמען קאַמף, און די פריינטשאַפט צווישן אַמעריקע ענג־לאַנד און סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערט אַלץ שטאַרקער. הונדערטער טויזנטער יידן פון די געוועזענע פּוילישע און באַלטישע געביטן וואָס זיינען גוט באַקאַנט מיט ציוניזם און ארץ־ישראל זיינען צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען פון סאָוועט־רוסלאַנד, און זיי אַליין זיינען זיכער די ערשטע קאַנדידאַטן פאַר עליה קיין ארץ־ישראל און די פאַרשפּרייטער פון דער ציוניסטישער אידייע.

עס איז אויך ניט אויסגעשלאָסן אַז ביי דער קומענדיקער שלום־קאָנפערענץ זאָל סאָוועט־רוסלאַנד אַקטיוו מיטהעלפן צו קריגן ארץ־ישראל אַלס היימלאַנד פאַרן יידישן פאָלק. דאָס וואָלט במילא שאַפן אַ וויטערדיקע דערנעענטערונג צווישן ציוניזם און סאָוועט־רוסלאַנד ווי צווישן דעם יידישן פאָלק און די סאָוועטישע יידן.

עס ערוואַרטן אונדז, אמת, פאַרשיידענע סורפּראַיזן, האָפע־נונגען און ענטוישונגען, עליות און ירידות, אָבער איינס איז קלאָר: די ליידן פון יידישן פאָלק זיינען קיינמאָל ניט געווען אַזוי שווער און די האָפענונגען אויף דער צוקונפט קיינמאָל ניט אַזוי שטאַרק און ליכטיק, לאָמיר האָפן אַז דאָס יידישע פאָלק וועט ניט פאַרנאַכלעסיקן דעם גרויסן מאָמענט!

# די גרויסע יידישע שול אין מאָסקווע

.1

איך וויל דאָ איבערגעבן וואונדערבאַרע פּרטים וועגן דער עקזיסטענץ פון דער גרויסער יידישער סינאַגאָגע אין מאָסקווע. איך שטעל זיך גאַנץ באַזונדער אָפּ אויף דער מאָסקווער שול דערפאַר ווייל דער סימבאָל פון יידישקייט אין סאָוועט־רוסלאַנד איז די שול און בלויז די שול. אין וועלכער שטאָט איך האָב זיך געפונען האָב איך צוערשט נאָכגעפרעגט צי עס איז דאָ אַ שול, אויב ניט האָב איך שוין געוואוסט אַז איך האָב ניט וואו צו זוכן קיין שפּור פון יידישקייט און אַזוי איז אין אַלגעמיין אין סאָוועט־רוסלאַנד, אויב מ׳קאָן רעדן וועגן אַ יידיש לעבן מחוץ דעם טעטיקייט־געביט פון די יידישע קאָמוניסטן, איז עס בלויז אויפן געביט פון רעליגיע. אַלע יידישע טעטיקייטן האָבן זיך קאָנצענטרירט (אין די ערטער וואו אַזעלכע טעטיקייטן זיינען געבליבן) בלויז אַרום דער יידישער שול. דאָס איז געשען אַ דאַנק דער מסירת־נפש פון עטלעכע עקשנים, וועלכע האָבן זיך צו דעם מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן, ניט קוקנדיק אויף די גרויסע געפאַרן און אַ דאַנק אַ געוויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן מיט זעלטענעם מוט און אויסדויער מקדש־השם געווען און אָנגעהאַלטן זייער רע־ליגיעזן לעבנסוועג.

אויב אָבער אין אַנדערע שטעט האָט דאָס יידישע רעליגיעזע לעבן באַגעגנט גרויסע שוועריקייטן דורך אַנטי־רעליגיעזער פּראָ־

פּאַגאַנדע און נאָך אַנדערע סבות האָט דווקא דאָס יידישע לעבן אין מאָסקווע אויפגעבליט און באַגעגנט קליינע שוועריקייטן.

איך וועל ניט איבערטרייבן ווען איך וועל צוגעבן, אַז אין מאָסקווע האָט עקזיסטירט אַן אָרגאַניזירטע רעליגיעז־יידישע קהילה. פון די ווייטערדיקע פּרטים וואָס איך וועל איבערגעבן וועט שוין יעדער פאַרשטיין ווי אַזוי די דאָזיקע קהילה האָט געקאָנט עקזיסטירן און פירן גוטע טעטיקייטן אונטער די דאָרטיקע אומשטענדן.

איך וועל אָנהייבן מיט דעם מענטשן, וועלכער שטייט בראש פון דער אַזוי־גערופענער יידישער קהילה אין מאָסקווע. דאָס איז אַ מערקווירדיקער יידישער טיפּ, מיטן נאָמען שמואל טשאַברוצקי. ער קומט פון דער שטאָט בענדער (בעסאַראַביע) און וואוינט שוין אין מאָסקווע עטלעכע דרייסיק יאָר. ער האָט קיין קינדער ניט און ער מיט זיין פרוי האָבן זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דעם דינסט פון יידישן כלל; אַ ייד אַ גאַנץ פּשוטער, וועלכער פאַרשטייט אפשר קוים אַ פּרק משניות, אָבער אַ קלוגער ייד מיט אויסער־געוויינלעכער ענערגיע און מיט אַ נאַטירלעכער שטרעבונג צו שטיין בראש און געניסן אַ ביסעלע כבוד.... דער דאָזיקער מר. טשאַברוצקי איז דער פּרעזידענט און עקזעקוטיוו־דירעקטאָר און אויך... דער רב פון דער מאָסקווער יידישער רעליגיעזער קהילה. ער באַקומט זיינע שכירות פון דער שול און איז אַ גאַנצן טאָג פאַרנומען מיט אַלע טעטיקייטן אַרום דער שול.

די אַלע טעטיקייטן קאָנצענטרירן זיך אַרום דער מאָסקווער יידישער שול, די שול אין וועלכער הרב מזא״ה איז געווען רב און די איינציקע וועלכע איז געבליבן אין מאָסקווע. איך בין אַ סך שעה׳ן געזעסן אין קאַבינעט פון מר. טשאַברוצקי אין דער גרויסער שול און געפירט מיט אים געשפּרעכן וועגן דעם יידישן לעבן אין מאָסקווע. ער האָט מיר געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן זיינע אויפטוען, וועגן די פאַרצווייגטע טעטיקייטן

פון דער שול, און ער האָט מיר אפילו געוויזן די קאַסע אין וועלכער עס האָט זיך געפונען 40 טויזנט רוסישע רובלס, וועלכע די שול האָט גרייט אין רעזערוו פאַר פאַרשיידענע צוועקן. עס איז אינטערעסאַנט, אַז דער דאָזיקער מר. טשאַבּרוצקי האַלט זיך פאַרן פאַקטישן פירער פון די רוסישע ניט־קאָמוניסטישע יידן צוליבן פשוטן טעם וואָס מאָסקווע איז די רוסישע הויפּט־שטאָט און די גרעסטע יידישע קהילה. און ער איז דער הויפּט פון דער מאָסקווער קהילה...

אין משך פון דער גאַנצער צייט וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דער שול האָט זיך מיר שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן וואָס דער מר. טשאַבּרוצקי איז פון מיר ניט אָפּגעטראָטן און מיך שטענדיק באַגלייט און דערצו געהאַלטן אַן אויג אויף מיר איך זאָל ניט פירן קיין געשפּרעכן מיט די מתפּללים. איך האָב דעריבער געפונען אַ וועג צו איינצעלנע פון די מתפּללים און געפּרוּווט קריגן „זייטיקע אינפאָרמאַציע" און צו מיין גרויס איבעררעאַשונג האָב איך טאַקע אויסגעפונען, אַז ווי עס זעט אויס האָט מר. טשאַבּרוצקי געוויסע באַציאונגען מיט די מאַכט אָרגאַנען און ער איז טאַקע זייער פאַרשטייער אין דער מאָס־קווער יידישער שול...

איך בין אָבער דערביי ניט געבליבן און איך בין מיט דעם מאָסקווער ראש־הקהל „היימישער" געוואָרן און אים קלאָר און אָפן געשטעלט די פראַגע וועגן די באַציאונגען פון דער שול מיט די מאַכט אָרגאַנען, בין איך דאָך געוועזן עפּעס אַן אַמעריקאַנער מיוחס פאַר וועלכן מ'האָט אפילו דאָן געהאָט דרך ארץ...

און סוף־כל־סוף האָט מר. טשאַבּרוצקי אויסגעזאָגט:

— וואָס אַרט עס מיך, אַז איך גיב אַכטונג, אַז די שול זאָל זיין נאָר אַ פּלאַץ פאַר דאַווענען און לערנען און קיינער זאָל זיך ניט פאַרנעמען מיט פּאָליטישע דיסקוסיעס? פאַרוואָס טאָר איך ניט אַכטונג געבן, אַז קיינער זאָל זיך ניט אַריינכאַפּן

איבערשלאָפֿן אין שול אָדער קיינער זאָל ניט פירן קיין האַנדלס טראַנזאַקציעס אין אַ מקום קדוש? אדרבא, אַ דאַנק דעם בין איך זיכער, אַז די שול וועט עקזיסטירן און וועט ניט זיין אין סכנה געשלאָסן צו ווערן, אַ דאַנק דעם בין איך זיכער, אַז איך וועל קאָנען אויספירן די הייליקע אויפגאַבן וועלכע די השגחה האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר...

און איך האָב אויך אויסגעפונען נאָך אינטערעסאַנטע פאַקטן, אַז די שול שטייט אונטערן שוץ פון באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן אין מאָסקווע און האָט די שטיצע פון ניט קיין אַנדערן ווי מיכאיל קאַלינין, דער אָפיציעלער פרעזידענט פון פאַרבאַנד פון סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקן...

.2

איך האָב פריער דערציילט, אַז באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן האָבן זיך משתדל געווען לטובת די רעליגיעזע יידישע טעטיקייטן אין מאָסקווע. איך האָב דאָס דאַזיקע געהערט פון אַ סך געוועזענע רבנים און טוער, וועלכע איך האָב באַזוכט אין מאָסקווע. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז עס געפינען זיך באַרימטע יידן אין מאָסקווע, וועלכע „האָבן יידישע הערצער" און אין וועלכע „עס טליעט נאָך אַ סענטימענט פאַר יידישקייט"...
איך האָב זיך געוואונדערט: ווער פון די אָפיציעלע יידישע פּערזענלעכקייטן קאָן זיך ערלויבן ביי די דאָזיקע אומשטענדן צו שטיצן אָפן רעליגיעזע יידישקייט? דער גרעסטער טייל פון די מיט וועלכע כ'האָב גערעדט, האָבן ניט געוואוסט קיין נעמען און די וועלכע האָבן יאָ געוואוסט, האָבן מיר, אַן אויסלענדער, ניט געוואָלט אָדער מורא געהאַט צו זאָגן.

ענדלעך האָב איך באַגעגנט איינעם, דורך וועלכן כ'האָב זיך דערוואוסט אַלע איינצלהייטן און דערנאָך איז שוין ניט שווער געווען פאַר מיר נאָכצופאָרשן אויף וויפל דאָס אַלעס, וואָס ער

האָט מיר דערציילט, איז פּינקטלעך אָדער ניט. אַזוי אַרום האָב איך אויסגעפונען פאָלגנדע פּרטים:

דער ערשטער, וועלכער „האָט אַ יידיש האַרץ", איז ניט געוועזן קיין אַנדערער, ווי מיכאָעלס, דער באַרימטער יידישער שוישפּילער, וועלכער איז ניט נאָר דער גרעסטער יידישער שוישפּילער אין סאָוועט־רוסלאַנד, נאָר ער ווערט אויך פאַר־רעכנט אַלס איינער פון די גענאַיאַלסטע שוישפּילער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער איז אויך שטאַרק אַנגעזען אין די אָפיציעלע קרייזן און איז איצט דער פירער פון דעם יידישן אַנטי־פאַשיס־טישן קאָמיטעט אין קויבישעוו.

דער צווייטער איז דאָברושין, איינער פון די אַנגעזע־ענסטע יידישע שריפטשטעלער אין מאָסקווע, וועלכער איז באַקאַנט אויף דער גאַנצער וועלט און וועלכער איז אויך אַנגע־זען אין די אָפיציעלע קרייזן. ווייטער קומען נאָך אייניקע ווייניקער באַקאַנטע, וועלכע פאַרנעמען אָבער חשובע אַמטן אין מאָסקווע. די דאָזיקע האָבן זיך משתדל געווען ביי קאַלינין, דעם פּרעזידענט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, עס זאָל אָפיציעל ער־לויבט ווערן די עקזיסטענץ און טעטיקייטן פון דער מאָסקווער גרויסער יידישער סינאַגאָגע צוליב פאָלגנדע טעמים:

1. די סאָוועטישע קאָנסטיטוציע גאַראַנטירט רעליגיעזע פרייהייט;

2. אין מאָסקווע געפינען זיך צענדליקער טויזנטער יידן, וועלכע קאָנען שוין ניט אַרבעטן און ווערן אויסגעהאַלטן פון קינדער. די דאָזיקע זיינען ערצויגן געוואָרן אַלע זייערע יאָרן אין דער רעליגיעזער טראַדיציע און עס וואָלט געווען אַ גרויסע טראַגעדיע פאַר זיי זיי זאָלן ניט האָבן די מעגלעכקייט צו באַזוכן אַ געבעט־הויז אָדער באַזאָרגט צו ווערן מיט זייערע רעליגיעזע הצטרכותן.

3. אַן אָפיציעל באַשטימטע רעליגיעזע אינסטיטוציע וועט קאָנען שטיין אונטער אַ שטענדיקער קאָנטראָל פון די מאַכט־

אָרגאַנען און עס וועט קאָנען אויסגעמיטן ווערן רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע וועלכע איז פאַרבאָטן דורכן געזעץ.

4. פאַר טוריסטן און סתם אויסלענדער וועט עס דינען פאַר אַ באַשטעטיקונג אַז דער פּונקט אין דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע וועגן רעליגיעזער פרייהייט איז אַן עקזיסטירנ־דער פאַקט.

און ווי עס זעט אויס, האָט די השתדלות געהאָלפן און קאַליבין האָט מסכים געווען און געגעבן זיין פּערזענלעכן שוץ צו די רעליגיעזע טעטיקייטן דורך דער מאָסקווער יידישער סינאַ־גאָגע.

.3

איך האָב געזאָגט אַז קאַליבין האָט ניט בלויז מסכים געווען נאָר אויך געגעבן זיין פּערזענלעכן שוץ צו די רעליגיעזע טע־טיקייטן דערפאַר ווייל עס זיינען צייטן געווען ווען געווויסע קרייזן האָבן געזוכט מיטלען צו שליסן די סינאַגאָגע און קאַליבין האָט עטלעכע מאָל אונטערגענומען שריט דורך פּערזענלעכער אינטערווענץ אַז די אַזוי־גערופענע מאָסקווער יידישע קהילה זאָל קאָנען עקזיסטירן.

די סאָוועטישע קאָנסטיטוציע פאַרזיכערט טאַקע רעליגיעזע פרייהייט, עס איז אָבער גלייכצייטיק דאָ אַ געזעץ וועלכער באַ־שטראָפט מיט טורמע פאַר רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. אַזוי ווי די ג. ק. וו. ד. (פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אינערלעכע אנ־געלעגנהייטן, אָדער לויטן באַקאַנטן נאָמען: די „געפּעאו") האָט די אויפזיכט איבער דעם און אין יעדער שטאָט און שטעטל זיינען טעטיק אַנטי־רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, געפינען זיך שוין וועגן ווי צו פאַרבאָטן די רעליגיעזע טעטיקייטן. אַזוי אַ שטייגער איז אַ חוץ וואָס אַ שול קאָן געשלאָסן ווערן ביים קלענסטן באַווייז וועגן רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, קאָן דאָס זעלבע געטאָן

ווערן אויפן גרונט פון אַ באַשלוס אַז די שול נייטיקט זיך אין אַ רעמאָנט, וועלכער דאַרף באַטרעפן אַ גרויסע סומע, און דער רעמאָנט ווערט ניט אויסגעפירט אין אַ קורצער צייט. ווייטער קאָן די ג. ק. וו. ד. באַשליסן אַז אויב עס געפינען זיך 2 שולן אין דער שטאָט קאָן איינע געשלאָסן ווערן, אָדער אפילו אַז איינע איז צופיל לויט די צאָל מתפללים און מ׳קאָן געפינען פאַר דער שול אַ קלענער פלאַץ.

נאָך אַ געזעץ איז פאַראַן, אַז יעדע שול מוז האָבן אַ מינימום פון 50 מתפללים און יעדער פון זיי מוז געבן זיין אונטערשריפט אַז ער איז אַ גלייביקער און ער פאַרפליכטעט זיך צו שטיצן די שול. עס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך אַז ביי די דאָרטיקע באַדינגונגען איז גאָרניט גרינג צו קריגן אַזעלכע אונטערשריפטן, און עס טרעפט אויך אָפט אַז אונטער געוויסער השפעה ציען שול מעמבערס צוריק זייערע אונטערשריפטן, אַזוי אַז עס איז נישטאָ דער מינימום מתפללים און די שול ווערט געשלאָסן.

די מאָסקווער גרויסע שול געפינט זיך אין אַ געסל איב־גאַנצן 2 בלאָק פון איינעם פון די מאָסקווער קאַבעדיקע צענטערס (פלאָטשאַד ראָגינא). עס איז אַ ריזיקע געביידע פון 3 שטאָק. די שול אַליין האָט ביי 2,000 פלעצער, ווייטער זיינען דאָ זייטיקע צימערן, וועלכע קאָנען אַריינגעמען כמעט נאָך אַמאָל אַזוי פיל. עס איז זייער אינטערעסאַנט, אַז אויפן 2־טן שטאָק האָב איך געזען אַ שול וועלכע האָט איבער 500 פלעצער און איז די איינציקע פון איר מין זינט יידן זיינען געוואָרן אַ פאָלק. די שול איז נעמלעך ספּעציעל פאַר פרויען. דער מזרח און דער מערב און דרום און צפון — אַלץ איז באַשטימט פאַר פרויען, נאָר ערגעץ אין אַ ווינקל, אונטער אַ פאַרהאַנג, איז דאָ אַ פלאַץ פאַר 10 יידן מיטן חזן, וועלכע זאָלן מוציא זיין די פרויען מיטן דאַוו־נען. און די מעשה דערפון איז אַזעלכע: אין די ימים נוראים פעלן אויס פלעצער פאַר פרויען, וועלכע האָבן מער צייט און

קומען אין מאָסן דאַוונען, האָט מען געשאַפן אַ ספּעציעלע שול פּאַר פרויען, וועלכע ווערט באַזאָרגט מיט אַ מנין מענער אונטער אַ פּאָרהאַנג.

אַלזאָ, די מאָסקווער שול האָט זייער אַ סך פּלאַץ און אפילו אויפן הויף זיינען דאָ 2 באַזונדערע חסידים־שטיבלעך, אַזוי אַז לויט דער גרויסער וואוינונגס־נויט, וועלכע הערשט אין מאָסקווע, איז עס טאַקע אַ נס מן השמים אַז אַזאַ גרויסע געביידע מיט אַזוי פיל צימערן, וועלכע ווערן כמעט אַ גאַנץ יאָר ניט גענוצט, זאָלן קאָנען זיין פריי אין רשות פון דער שול. דעריבער קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן אַז אויב פּרואוון זיינען געמאַכט געוואָרן פון מאַסגעבענדע ספערן די שול איבערצונעמען און זיי זיינען ניט געלונגען, האָט עס געקאָנט געשען נאָר אַ דאַנק דער אַריינמישונג פון אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי קאַלינין.

.4

איצט וועל איך אין קורצן איבערגעבן געוויסע פּרטים פונעם טעטיקייטס־געביט פון דער יידישער שול אין מאָסקווע. בעת מיינע באַזוכן אין דער שול האָב איך אין וואַרט־צימער געטראָפן אַ סך מענטשן און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די שול פירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויך אויפן געביט פון צדקה. עלטערע יידן, וועלכע האָבן ניט מער ווער עס זאָל זיי אויסהאַלטן, קריגן געוויסע שטיצע, ווינטער־צייט קריגן אַ סך אָרעמע שטיצע אויף האָלץ, וועלכעס איז זייער טייער. די שול באַזאָרגט אויך מאָסקווער יידן מיט מצות און אָרעמע קריגן מצות אומזיסט. די שול האָט אויך אַ מקוה און פאַרזאָרגט רע־ליגיעזע יידן מיט סעמעטערי נאָכן טויט. אין קורצן: אַלעס וואָס האָט אַ שייכות צו יידישער רעליגיע קאָנצענטרירט זיך אַרום דער יידישער שול אין מאָסקווע, וועלכע טראָגט באמת דעם כאַראַקטער פון אַן אָרגאַניזירטער רעליגיעזער יידישער קהילה.

די שול איז אָפֿן יעדן טאָג פֿון 8 ביז 1 בייטאָג און 2 שעה פֿאַרנאַכט אויף מנחה־מעריב. אין די אָפּיציעלע סאָוועטישע ימים טובים איז די שול אַ גאַנצן טאָג געשלאָסן, ווי אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, און אַ גרויסע רויטע פֿאָן איז אויסגעהאָנגען אין פֿראָנט פֿון דער שול. די שול האָט אַ חזן אָבער ניט קיין רב, ווייל אַ רב האָט שוין אַ שייכות מיט רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע.

איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, ווי אַזוי דער פֿירער פֿון דער שול, דער דערמאָנטער מר. טשאַברוצקי, האָט אויך די פֿונקציעס פֿון רב... איך קאָן דאָ אפילו איבערגעבן די דרשה וועלכע מר. טשאַברוצקי האָט געהאַלטן דעם יום כּפּור פֿאַר די מתפּללים אין דער גרויסער שול, פֿאַר הזכּרת נשמות, אויפֿן זעלבן פּלאַץ פֿונוואַנען הרב מזאה האָט גערעדט.

מר. טשאַברוצקי האָט מיר אַליין איבערגעזאָגט זיין דרשה, וועלכע האָט געהאַט פֿאָלגנדן אינהאַלט:

„רבותי! מיר האַלטן איצט ביי הזכּרת נשמות, ווען מיר דאַרפֿן דערמאָנען אונדזערע ליבע און טייערע וועלכע זיינען פֿון דער וועלט אַוועקגעגאַנגען. געוויינלעך איז עס זייער שמערצלעך אַז מען פֿאַרלירט די נאָענטע מיט וועלכע מען איז געווען אַזוי פֿיל יאָרן צונויפֿגעבונדן און צוזאַמענגעוואַקסן. עס טרעפֿט אויך פֿאַלן ווען די נאָענטע שטאַרבן ניט מיט קיין נאַטירלעכן טויט נאָר דורך אָנשטעקונג, דורך קראַנקהייטן, וועלכע ווערן איבערגענומען פֿון אַנדערע, ניט ווויסנדיק אפילו ווי אַזוי, איז זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך אַז אַזוינע פֿאַרלוסטן זיינען אַ סך שמערצלעכער, אַ סך באַדויערונגסווערטער. דעריבער איצט, בעת מיר דאַרפֿן דערמאָנען די נשמות פֿון די פֿאַרשטאָרבענע, דאַרפֿן מיר באַשליסן מיר זאָלן אָנשטרענגען אַלע קרעפֿטן צו פֿאַרמיידן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. מיר זיינען דאָ פֿאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם און ספּעציעל ביי אַזאַ געלעגנהייט דאַרפֿן מיר אָפּהיטן אַלע סאַניטאַרישע כּללים, זיך האַלטן פֿולשטענדיק ריין, ניט שפּייען אויף דער פּאָדלאָגע און ניט שנייצן די נעז, און

דורך דעם וועלן מיר פאַרהיטן פון אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן און ממילא פון דעם, אַז מיר זאָלן דאַרפן מיט טרויער און שמערץ דערמאָנען די פאַרלוסטן..."

דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון דער דרשה וואָס מר. טשאָברוצקי האָט געהאַלטן פאַר יזכור אין דער מאָסקווער שול און דערמיט אויסגעפילט די פונקציעס פון אַ רב אָן רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע...

און איך קער זיך צוריק צו נאָך אַ פּאָר קורצע שטריכן פון דער פערזענלעכקייט פון דעם מר. טשאָברוצקי. געוויינ־לעך איז אַזאַ פערזאָן ניט פריי פון קריטיק און איך האָב באַמערקט ווי אַ טייל מענטשן קוקן אויף אים מיט אומצוטרוי. דעריבער וויל איך דאָ איבערגעבן אַ פּאָר פאַקטן וועלכע איך האָב בײַ־געוואוינט און וועלכע האָבן באַשטעטיקט, אַז ער איז פון דעם בעסערן טיפּ כלל־טוער.

איך האָב דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט מר. טשאָברוצקי אין לעמבערג, אין דער גרויסער טורי־זהב שול. דאָס איז געווען ענדע זומער 1940. מר. טשאָברוצקי איז געקומען קיין לעמבערג איינצוקויפן אַ ביסל ספרי רומ"ל פאַר דער מאָסקווער שול און גלייכצייטיק האָט ער שוין געלערנט די לעמבערגער יידישע רעליגיעזע פירער ווי אַזוי די שולן זאָלן אָנגעשטעלט ווערן אויף אַ לעגאַלן באַזיס. איך האָב אים געזען אין אַ שבת נאָכמיטאָג אין דער טורי־זהב שול, וואו עס זיינען געווען פאַר־זאַמלט הונדערטער אַלטע און יונגע יידן און האָבן געזאָגט תהלים מיט גרויס התלהבות. טשאָברוצקי האָט זיך מיט טרערן אין די אויגן צוגעקוקט צום דאָזיקן בילד וואָס האָט אים שטאַרק אימפּאָנירט. די לעמבערגער רעליגיעזע פירער האָבן שטאַרק מכבד געווען דעם „מאָסקווער ראש־הקהל" און אים פאַרגעבן אַ קליינע אָבער גאָר ניט קיין גרינגע אויפגאַבע: ער זאָל באַזאָרגן דאָס גאַליציאַנער יידנטום מיט אתרוגים אויף סוכות. און ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז דאַכט זיך געווען אַ

זאָך פון אוממעגלעכקייט, האָט מר. טשאַברוצקי ערפילט די אויפגאַבע פולשטענדיק. מר. טשאַברוצקי איז געפאָרן קיין קאַווקאַז, אויסגעפונען אַ פּלאַץ, וואו עס וואַקסן אתרוגים און ניט קוקנדיק אויף גוואַלדיקע שוועריקייטן זיי איבערגעפירט קיין לעמבערג צוזאַמען מיט תשובות פון רבנים, אַז די אתרוגים זיינען כשר... און איך דערמאָן זיך די גרויסע רייען וועלכע זיינען געשטאַנען אין די בתי־מדרשים ביים „אתרוג בענטשן", איך האָב געזען אין לעמבערגער טעמפּל, וועלכער האָט דאַכט זיך קיינמאָל קיין אתרוג ניט אָנגעקוקט, ווי מענטשן האָבן זיך מיט התלהבות געשטופּט צום אתרוג, און אפילו רויטע אַרמייער זיינען געקומען אָנקוקן דעם אתרוג... און אַלע האָבן געבענטשט דעם נאָמען פון מר. טשאַברוצקי, וועלכער האָט מקדש השם געווען...

איך האָב אויך שפּעטער אין מאָסקווע געזען ווי דער דאָזיקער מר. טשאַברוצקי האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר פאַרשיידענע פּליטלינגע, וועלכע זיינען דורכגעפאָרן מאָסקווע אויפן וועג קיין יאַפּאַן. ער איז אומגעלאָפן באַזאָרגן זייערע פּאַפּירן, ער האָט זיי געגעבן געלט אויף הוצאות און זיי געדינט אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן.

איצט, אין 1943, איז דער נאָמען פון דאָזיקן מר. טשאַב־רוצקי שוין מער באַוואוסט אַלס דער יעניקער, וועלכער האָט עוואַקואירט די מאָסקווער יידישע קהילה אין דער צייט פון דעם נאַצישן אָנגריף אויף מאָסקווע. ער האָט אין דער שטאָט טאַש־קענט, הויפּטשטאָט פון סאָוועטישן טורקעסטאַן, צוריק געעפנט די ביוראָ פון דער מאָסקווער קהילה, געהאָלפן די הונדערטער טויזנטער יידן וועלכע זיינען אַהין אַנטלאָפן און זיי פאַרבונדן מיט דער אויסערלעכער וועלט, איינגעשלאָסן אַמעריקע.

# איך זוך יידיש לעבן אין מאָסקווע

איך בין אַרומגעגאַנגען איבער מאָסקווער גאַסן זוכן יידיש לעבן. אַרומגעזוכט אַ יידיש שילדל ערגעץ אין געסלעך מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג, געוואָלט זיך באַגעגענען מיט אונדזערע באַקאַנטע פּירקאַנטיקע יידישע אותיות, וואָס זאָלן מיר ווייזן דעם וועג צו וועלכע עס איז יידישע טעטיקייטן, צו אַקטיוו יידיש לעבן, אָבער צו מיין באַדויערן ניט געפונען. דאָס איינציקע פּלאַץ, וואו איך וואָלט יאָ געקענט עפּעס זען איז געוועזן דאָס יידישע טעאַטער, בין איך אָבער געגאַנגען זוכן לעבן און ניט קיין געמאַכטע אָפּשפּיגלונג פון לעבן.

איך האָב דעריבער געמוזט מקיים זיין דעם פּסוק: „לך עמי בא בחדריך" — און איך האָב אַריינגעקוקט אינעווייניק אין יידישע הייזער און געטראָפן וואָס איך האָב געוואָלט. און ווייטער דאָס זעלבע: וואו איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף יידיש לעבן איז עס געווען רעליגיעז יידיש לעבן, דורכווייקט מיט די אַלטע יידישע טראַדיציעס און מנהגים, וואָס האָט מיר אויף אַ וואונדערבאַרן אופן באַשטעטיקט די אייביקייט פון יידישן פאָלק. איך האָב זיך אין דער קורצער צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין מאָסקווע אָנגעשטויסן אויף אַ יידישער חתונה אין אַ קעלער שטוב נאָך האַלבע נאַכט. ווען די חופה איז אויפגעשטעלט געוואָרן און די צערעמאָניע האָט זיך באַדאַרפט אָנהייבן האָט מען אויסגעלאָשן כמעט אַלע ליכטער קיין בייז אויג זאָל ניט אַריינקוקן, ווייל די כלה איז אַ לערערין אין אַ סאָוועטישער סקול און ווי וואָלט עס געפּאַסט פאַר איר ווען

מען דערוויסט זיך, אַז זי איז אַזוי „פּאַרפּירט", אַז זי האָט געלאָזט דורכפירן אַ רעליגיעזע חתונה צערעמאָניע...

ווייטער האָב איך געזען אַ יידן וואָס קיינער ווייסט ניט ווי זיין נאָמען איז, וואו ער וואוינט און פון וואַנען ער קומט. די אויפגאַבע פון דעם דאָזיקן יידן איז — אויסצוגעפינען וואו יידישע קינדער זיינען געבוירן און דערשיינען אין די נעכט אָדער אין די טעג — וואו עס איז מעגלעך — דורכצופירן דעם ברית־מילה לויטן יידישן דין...

איך האָב שוין פריהער דערמאָנט, אַז דער צענטער פון דעם יידישן לעבן אין מאָסקווע איז די גרויסע שול. דאָרטן האָב איך זיך צוגעקוקט צו די פּנימער פון די מתפללים. און געזען עקזעמפּליאַרן פון אָריגינעלע יידישע טיפּן, וועלכע בעטן זיך מען זאָל זיי פאַראייביקן. איך האָב געזען ניט נאָר עלטערע מענטשן נאָר אויך יונגע און דאָס האָט מיך שטאַרק איבער־ראַשט אָבער גלייכצייטיק אימפּאָנירט. איך האָב געזען יונגע־לייט צווישן 20 און 40 יאָר, וועלכע זיינען געבוירן אָדער דערצויגן געוואָרן אונטערן סאָוועטישן רעזשים. זייער פרום דאַווענען האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט, ספּעציעל נאָך, ווייל עס איז געווען אין מיטן אַן אַרבעטס־טאָג און ווער עס איז באַקאַנט מיט די דאָרטיקע פאַרהעלטענישן ווייסט, אַז יעדער איז דאָרטן אַ רעגירונגס אָנגעשטעלטער און מוז אַרבעטן. דערצו איז דאַן — אין נאָוועמבער 1940 — שוין געווען איינ־געפירט דער שטרענגער דעקרעט, אַז קיינער טאָר פריווילליק ניט אַוועק פון דער אַרבעט אפילו אויף אַ מינוט, האָב איך זיך אַליין ניט געקענט פאָרשטעלן ווי קענען די דאָזיקע יונגעלייט אויספירן צו קומען אין שול אַריין אויף גאַנצע שעה'ן איינ־מיטן אַ וואָכעדיקן טאָג.

איך האָב זיך אָבער דערוואוסט דעם מערקווירדיקן פאַקט, אַז אַ גרויסן טייל פרומע יידישע יונגעלייט איז געלונגען צו אַרבעטן פאַר רעגירונגס־אינסטיטוציעס און גלייכצייטיק קענען

היטן שבתים און ימים טובים און דאַוונען און לערנען וויפל זיי ווילן. אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען דאָ האַנטווערקער, וועל־כע מען רופט קוסטאַרן. דאָס זיינען אַזעלכע וועלכע זיינען באַ־שעפטיקט פאַר זיך אַליין אָן געדונגענער אַרבעט ביי מלאכה אָדער קלענער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג. די דאָזיקע קוס־טאַרן מוזן אָבער האָבן ספּעציעלע לייסנס און דאַרפן צאָלן גרויסע שטייערן און דערצו איז זיי זייער שווער צו קריגן רויע מאַטעריאַלן, איז דאָ דערצו אַזאַ עצה: זיי קריגן פון רעגירונגס קאָאָפּעראַטיוון רויע מאַטעריאַל און אַרבעטן ביי זיך אין דער־היים פאַר די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוון. זיי האָבן אַ געוויסע נאָרמע וויפל זיי דאַרפן צושטעלן און קריגן באַצאָלט פון שטיק. די פרומע יונגעלייט קענען אַלזאָ אויף אַזאַ אופן פּראָווען יידיש־קייט וויפל זייער האַרץ גלוסט.

מיט איינעם אַזאַ יידן האָב איך געהאַט לאַנגע געשפּרעכן ביי אים אין הויז. ער איז אַן אומאַנער חסיד פון די „טויטע" חסידים, ווי אַנדערע רופן זיי. דאָס זיינען די באַקאַנטע נאָכ־פאָלגער פון רבי נחמן בראַצלאַווער, וועלכע האָבן זינט דעם טויט פון רבי נחמנען זיך ניט אויסגעקליבן קיין אַנדער רבין נאָר פאָרן אויפן קבר פון ר׳ נחמנען אין אומאַן, און זיינען תמיד עוסק אין זיינע ספרים. דאָס איז אַ מערקווירדיקער יידישער טיפּ מיט טיפע קויל־שוואַרצע אויגן און אַ לאַנגע שוואַרצע באָרד, ער איז אַ שווערער אַרבעטער (ער אַרבעט אויס קיישלעך) אָבער גלייכצייטיק פאַנאַטיש איבערגעגעבן צו יידישקייט. ער האָט שוין חתונה געמאַכט אַ טאָכטער פון 18 יאָר מיט אַ בחור, וועלכער האָט געלערנט אין אַ געהיימער ישיבה און געקראָגן סמיכה אויף רבנות. אַ זון פון 16 יאָר האָט ער אָוועקגעשיקט אַזש קיין גרוזיע מיט נאָך אַ פּאָר בחורים און זיי זיצן דאָרטן על התורה ועל העבודה ערגעץ אין אַ געגנט, וואו עס איז קיין סימן פון יידן ניטאָ און זיי קענען לערנען אומגעשטערט. מיט אַ לייכטנדיק פּנים ווייזט ער מיר די בריוו פון זיין זון, אין וועלכע

ער שרייבט אים די בשורה, אַז זיי שטייגן דאָרט אין לערנען. ווייטער האָט ער נאָך מיט זיך 3 קינדער אין עלטער פון 5 ביז 10 יאָר. מיט זיי האָט ער ווירקלעך אַ שווערע אויפגאַבע. ער שיקט זיי ניט אין קיין שולע און לאָזט זיי כמעט אויפן גאַס ניט אַרויס און צוליב דעם מוז ער וואוינען אין אַ פאָר־שטאָט אונטער מאָסקווע, ווייל ער דאַרף אַלע מאָל בייטן די וואוינונג...

איך קוק אויף די קינדערלעך: פאַרזאָרגטע יידישע בליקן, בלייכע פּנימלעך קוקן פון 2 שוואַרצע געדיכטע פּיאות אַרויס און אפילו דאָס מיידעלע אונטערשיידט זיך ניט שטאַרק פון די 2 יינגעלעך. איך קלער ביי זיך: עס איז טאַקע צו שווער פאַר אַזוינע יונגינקע פלייצעס צו טראָגן אויף זיך די לאַסט פון דורות. אָבער אפשר איז פּאָרט אַזוי באַשערט, אַז זיי זאָלן עס זיין די רינגעלעך אין דער גאָלדענער קייט, וועלכע דאַרפן פאַראייניקן דעם גרויען היינט מיטן זוניקן מאָרגן פון אונדזער פאָלק...

עס איז אינטערעסאַנט, אַז די סאָוועטישע באַדינגונגען שאַפן אַ באָדן פאַר אַזוינע מאָדנע קאָנטראַסטן און עקסטרעמי־טעטן. אַזוי בין איך, למשל, אין לעמבערג געווען אַן עדות פון אַזוינע שרעקלעכע פאַקטן ווי אַ ייד, אַ סאָוועטישער אָנ־געשטעלטער, האָט זיך אַרויסגענומען אַן אויג כדי ער זאָל זיין ראש השנה און יום כפור קראַנק און ניט דאַרפן אַרבעטן... אויך האָט אַ יידיש יינגל זיך אָפּגעהאַקט אַ פינגער ער זאָל ניט דאַרפן שרייבן אין שולע אום שבת. דערפאַר האָב איך אין דעם זעלבן לעמבערג געזען אַ קעגנגעזעצטן פאַקט ווי עס האָט זיך געגרינדעט אַ חסידישער טעקסטיל קאָאָפּעראַטיוו אונ־טער דער פירערשאַפט פון 2 באַיאָנער חסידים, וועלכע עס איז געלונגען צו קריגן אַ דערלויבעניש פון אָנפירנדיקע קאָמוניס־טישע באַאַמטע זיי זאָלן ניט דאַרפן אַרבעטן שבת און יום־טוב. זיי האָבן פון יוצא וועגן געדונגען עטלעכע מחללי־שבת דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל קענען זיין אָפן שבת... איך האָב געזען

ווי די דאָזיקע חסידישע יידן מיט בערד און פּיאות און לאַנגע קאַפּאָטעס האָבן אפילו מאַרשירט אין פּאַטריאָטישע דעמאָנ־סטראַציעס מיט רויטע פענער און לאָזונגען לכבוד „כאַווער" סטאַלין . . .

איך האָב אין פריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט וועגן צוויי חסידים שטיבלעך ביי דער מאָסקווער שול, דאָס זיינען פון די באַיאַנער און ליבאַוויטשער חסידים. איך האָב געהערט פון פאַרשיידענע מענטשן וועגן די פאַרדינסטן פון די ליובאַוויטשער חסידים און דער אויפהאַלטונג פון יידישקייט, ספּעציעל אין מאָסקווע און אין לענינגראַד, ביז איך געגאַנגען זיי זען אין דער מאָסקווער שול. עס איז געווען צווישן מנחה און מעריב און די מתפּללים האָבן אויסגענוצט די קורצע הפסקה צו כאַפּן אַ שמועס. האָב איך זיך צוגעבויגן צו די שמועסער און צו מיין פאַרוואונדערונג געהערט, אַז מען רעדט ניט פון פּאָליטיק אָדער פון עסן (די 2 באַליבטע טעמעס אין סאָוועט־רוסלאַנד) נאָר מעשיות פון דעם גרויסן אַמאָל, פון דער יידישער געשיכטע און מאמרים פון „תניא"... ביי דער מזרח־וואַנד זיינען געשטאַנען אַ גרופּע פון 3 מענטשן, עלטערע בכבודיקע יידן, וועלכע האָבן מיט פולן ערנסט דיסקוטירט אַ שווערן פּסוק פון תנ"ך. איינער פון זיי מיט אַ פּאָר מילדע קלוגע אויגן און אַ פּאָר פּענסנע אויף דער נאָז איז אַוועק אין אַ טיפן פילאָזאָפישן שמועס וועגן געטלעכער השגחה מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, ווי עס וואָלט ניט געווען ביי אים קיין ספק אַז דאָ אויף דעם פּלאַץ איז דער צענטער פון מאָסקווע און ניט ערגעץ אַנדערש . . .

און ווען אין 10 מינוט אַרום איז דער זעלבער ייד צוגע־גאַנגען צום עמוד און אָנגעהויבן מיט אַ פייערלעכן און דעצי־דירנדיקן טאָן: „והוא רחום יכפּר עוון ולא ישחית" . . . און דער עולם האָט זיך אַ וויג געטאָן מיט באַגייסטערונג נאָך אים, איז מיר אַ ציטער דורך איבערן לייב. עס איז מיר קלאָר

געוואָרן, ווי ביאַליק זאָגט אין זיין „אם יש את נפשך לדעת" אַז מיר האָבן דאָ אַ קוזניע פאַר אונדזער פאָלקס־נשמה...

און צולעצט וויל איך נאָך צוגעבן איין עפּיזאָד וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אין מאָסקווע, מיט נאָך אַ מערקווירדיקן יידישן טיפּ. ער איז שוין אַ ייד פון עטלעכע און זעכציק, אַ געוועזענער רב אין אַ רוסיש שטעטל, וועלכער האָט זיך צוליב פאַרשיידענע סיבות אַריבערגעצויגן קיין מאָסקווע. ער האָט 3 דערוואַקסענע בחורים, געלערנטע און געטרייע קאָמוניסטן. ער האָט אָבער געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט די קינדער, אַז ער וועט זיי ניט שטערן אין זייערס און זיי זאָלן אים ניט שטערן אין זיינס... נאָך פאַרשיידענע אָנשטרענגונגען האָבן זיי גע־קראָגן אַ שטיקל פּלאַץ ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער געגנט פון מאָסקווע און דער אַלטער מיט די 3 קינדער האָבן מיט זייערע אייגענע הענט זיך אויפגעבויט אַ קליין הייזל פון 3 צימערלעך, יעדעס צימערל האָט אפשר 4 איילן... איינע פון די צימערלעך האָט דער אַלטער געמאַכט פאַר אַ „הכנסת אורחים"...

און אַז איך בין געוואויר געוואָרן פון דעם געוועזענעם רב מיט זיין „הכנסת אורחים", בין איך באַלד געוואָרן אַן אורח און בין געקומען צו אים נעכטיקן... און איך בין ניט געוועזן דער איינציקער. איך האָב דאָרטן געטראָפן אַ משולח פון אַ ישיבה אין איינער פון די אוקראַינער שטעטלעך, וועלכער איז געקומען זאַמלען געלט ביי מאָסקווער יידן פאַר דער ישיבה און נאָך איינעם אַ „מר נפש" וועלכער דאַרף פאָרן ווייטער און עס האָט אים אויסגעפעלט אויף הוצאות, איז ער דערווייל גע־בליבן אין מאָסקווע. און מען דאַרף וויסן וואָס אַזוינס עס הייסט אין מאָסקווע אַריינלאָזן פרעמדע מענטשן, אָבער דער דאָזיקער „מכניס אורח" האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן און מיך מקבל פּנים געווען מיט שמחה. עס איז געווען אינטערעסאַנט צו זען ווי די קאָמוניסטישע זין האָבן ניט געלאָזט דעם טאַטן מיט דער מאַמען, אַז אמתע שרה־בת־טובים, זיך אַליין פאַרען

אַרום די אורחים און האָבן מיטגעהאָלפן צו שאַפן די געלעגערס איינעם אויף אַ שמאָל סאָפּקעלע און נאָך 2 אויף 2 האַלבע טירן, כאָטש באמת זיינען מיר אַלע 3 געווען צונויפגעקוועטשט ווי אויף איין געלעגער ווייל עס איז במילא מער קיין פּלאַץ אין צימערל ניט געבליבן...

אָבער די שמועסן מיט דעם אַלטן און מיט די אורחים און אפילו מיט די קאָמוניסטישע קינדער האָבן מיר געבראַכט אַזוי פיל גייסטיקן פאַרגעניגן, אַז איך וועל עס לאַנג ניט פאַרגעסן. דער געוועזענער רב אַ חוץ וואָס ער איז אַ תלמיד־חכם, אַ גרויסער בעל־מידות, איז ער אַן אינטעליגענטער מענטש מיט אַ סך וויסן, און אַז ער האָט געהערט, אַז איך בין אַן אַמעריקאַנער און פאָר קיין אַמעריקע, האָט ער מיר געעפנט דאָס גאַנצע האַרץ און דערציילט ווי ער און נאָך אַ סך אַזעלכע זיינען זיך מפקיר און ממש מיט די נעגל גראָבן זיי זיך איין אין די אָרטיקע באַדינגונגען צו איינהאַלטן יידישקייט. ער האָט זיך אויסגע־לערנט שחיטת־עופות און פרויען קומען פון מיילן ווייט. און דער עיקר: אַלץ ווערט געטאָן אָן שום אייגננוציקייט, אָן שום לוין און אָן שום כבוד־זוכעניש... זיי ווילן בלויז איבערהאַלטן ביז די צייט וועט קומען און יידישקייט וועט מער קיין חרפה ניט זיין!

די קינדער האָבן באַזונדערס געהאַט מיט מיר צו שמועסן. קודם האָבן זיי מיר מודה געווען, אַז דער טאַטע איז אַ גרויסער אידעאַליסט און ניט ווילנדיק מוזן זיי אים רעספּעקטירן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערס, אַז די אַלע מעשיות פון יידישקייט זיינען אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט און עס לוינט זיך ניט אויפצולעבן רעשטלעך פון דעם פאַרשימלטן אַמאָל. אָבער אַ חוץ דעם האָבן זיי מיר געזוכט צו איבערצייגן, אַז די אַרבעטער אין אַמעריקע ווערן פאַר־שקלאַפט און אונטערדריקט און האָבן מיר אפילו געוויזן אַ בילד אין אַ צייטונג, וואו עס איז געווען אויסגעמאָלט אַ הויז

אין וועלכער אַרבעטער וואוינען, וואָס איז איבערגעמאַכט פון אַ הינער־שטאַל...

פון דעסטוועגן האָט לאַנג ניט געדויערט און זיי האָבן מיר עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט צי איז טאַקע אמת, אַז יעדע שטוב אין אַמעריקע האָט אַן אייגן באָד־צימער... און אפילו וועגן יידישקייט זיינען זיי אַ ביסל וויכער געוואָרן, איך האָב געזען באַשיינפערלעך, אַז דער „מאור שביהדות", אַז דאָס גייס־טיקע ליכט פון יידנטום וואָס רוט אויף זייער פאָטער האָט פאַרט אַ ביסל אויך אויף זיי אָפּגעשיינט...

---

און ווען איך בין אין אַ קורצער צייט אַרום איינגעשטיגן אין שנעל־צוג מאָסקווע־וולאַדיוואָסטאָק, און ווען איך האָב זיך שפּע־טער געטראָגן איבער די סיבירער ווילדערנישן איז מיר נאָך אַלץ ניט אַרויס פון געדאַנק די אידיליע פון אָט דעם קליינעם הייזקעלע אין מיטן פון דער ריזיקער מאָסקווע...

# מסירות נפש פאַר יידישקייט

.1

איך וויל דאָ פאַרצייכענען עטלעכע פאַקטן פון מסירת־נפש פאַר יידישע טראַדיציעס און פאַרן יידישן שטייגער לעבן, וועלכע איך האָב באַגעגנט, אָדער געהערט און קאָנטראָלירט, אין דער צייט פון מיין פאַרברענגען אין סאָוועט־רוסלאַנד. איך גלייב, אַז די דאָזיקע פאַקטן דאַרפן פאַרצייכנט ווערן ווייל זיי געבן אונדז אַ שליסל צו די גרויסע גייסטיקע כוחות וועלכע שלומערן אין אונזערע פאָלקס מאַסן און וועלכע קומען אַרויס אויף דער אויבערפלאַך דווקא אין צייטן פון סכנה, אין צייטן פון גרויסן נסיון. איך האָב שוין אין די פריערדיקע קאַפּיטלען געשילדערט, פאַרבייגייענדיק, געוויסע פאַקטן פון קרבנות, וואָס יידן האָבן געבראַכט מיטן צוועק צו קאָנען פאַרטזעצן דעם יידישן וועג פון לעבן, איך וויל אָבער דאָ ספּעציעל איבערגעבן נאָך אייניקע פאַקטן פון וועלכע מיר קאָנען אַ סך לערנען.

קודם־כל האָב איך, זייענדיק כמעט אַ יאָר אין מזרח גאַליציע, זיך צוגעקוקט מיט אַכטונג און באַוואונדערונג פאַר די גאַליציאַנער יידן, וועלכע האָבן מיט אַזוי פיל זעלבסטאָפּערונג און פאַנאַטיזם פאַרטיידיקט די גייסטיקע יידישע פּאָזיציעס. אין משך פון אייניקע וואָכן זיינען אַלע ווירטשאַפטלעכע יידישע פּאָזיציעס צוזאַמענגעבראָכן; אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיינען ווי איבערנאַכט פאַר־שוואונדן און ווילנדיק צי ניט ווילנדיק האָט זיך יעדער געמוזט

צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. רעליגיעזע יידן זיינע אָבער געווען אַן אויסנאַם: זיי האָבן פאָרטגעזעצט זייער לעבן גלייך ווי פריער. איך האָב זיי באַגעגנט אין די בתי־מדרשים וואו זיי האָבן עוסק געווען אין תורה און תפלה, שבת איז געפּראַוועט געוואָרן מיט דער זעלבער פייערלעכקייט און מיט אַלע פּינקט־לעכקייטן, אַ האָר ניט געמינערט. און ניט בלויז אַלטע לייט, נאָר יונגע און קרעפּטיקע מענער זיינע שבת געגאַנגען מאַסנוויז, אין און פון די שולן, מיט די טליתים אונטער צעשפּילעטע מאַנטלען און די ציצית פלאַטערנדיק אויפן ווינט. דאָס האָט שוין געשמעקט מיט דעמאָנסטראַציע און איך האָב זייער פיל מאָל געזען ווי מיטגלידער פון דער „געפּעאו" האָבן קרום געקוקט אויף אַזאַ פירונג, אָבער יידן אין גאַליציע האָבן געטראָגן הויך די פאָן פון יידישקייט און האָבן בפירוש מקדש השם געווען. די שטאָט לעמבערג, למשל, האָט פאַרמאָגט איבער 300 שולן און שולעכלעך און צוליב דער שטאַרקער עקשנות פון די מתפללים איז קיין איין שול אָדער שולעכל ניט פאַרמאַכט געוואָרן, ניט קוקנדיק אויף דעם שרעקלעכן וואוינונגס־מאַנגל.

אַז איך האָב שוין דערמאָנט די „געפּעאו", וויל איך מאַכן אַ באַמערקונג וועגן 3 קאַטעגאָריעס מענטשן אין סאָוועט־רוסלאַנד. די ערשטע זיינען די רויטע אַרמייער, וועלכע זיינען אַלע, אויף ווי ווייט איך האָב געזען, אין דער בחינה פון צדיקים גמורים. זעלטן ווען זעלנער זאָלן זיך אויפהייבן צו אַזאַ קולטור־רעלער שטופע, אַזוי ווייט אַז איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון די טויזנטער וועלכע איך האָב באַגעגנט, קיין קללה אָדער אַזוי אַ שלעכט וואָרט. די אויפפירונג פון די רויטע אַרמייער איז אומעטום געווען אַ מוסטערהאַפטע, איך האָב זיי געזען אין פאַרשיידענע שווערע סיטואַציעס אַלס אָרדענונגס־היטער און רעגולירער פון מאַסן־באַוועגונגען; אין די פיל אָנגעפּאַקטע באַנען און אַנדערע עפנטלעכע ערטער און זייער טאַקט און העפ־לעכקייט איז באַוואונדערט געוואָרן פון אַלעמען. די צווייטע

קאַטעגאָריע איז די ציווילע באַפעלקערונג, וועלכע איז אין דער בחינה פון בינונים, פשוטע האָרעפּאַשנע מענטשן, וועלכע זיינען פּאַסיווע צושויער און האָבן בלויז אין זינען זייערע פאַמיליעס, זייער אַרבעט און זייער עסן; און די דריטע קאַטעגאָריע איז די „געפּעאו" וועלכע וואַרפט אַן אַ שרעק אויף אַלץ און אַלעמען. זיי זיינען אין דער בחינה פון רשעים גמורים, וועלכע זיינען ספּעציעל געלערנט און צוגעגרייט געוואָרן צו וואַרפן אַ חשד אויף יעדער קלייניקייט. אַלע מיטלען זיינען פאַר זיי כשר און עס זעט אויס, אַז זייער פיל פון זיי זיינען מיט אַ פאַרדאָרבענעם כאַראַקטער. איך האָב זיי אַ סך מאָל באַגעגנט און עס איז ניט געווען קיין פאַל איך זאָל כאָטש אין דער מינדסטער מאָס קאָנען האָבן אַ גוטן איינדרוק.

און אומקערנדיק זיך צו דער טעמע, דערמאָן איך זיך ווייטער פאַקטן פון מסירות־נפש, ווען יידן האָבן באַדאַרפט אָנהייבן אַרבעטן און ווערן מלוכה־אָנגעשטעלטע, ווייל אַנדערש האָט מען געמוזט הונגערן און נאָך דערצו געשטעמפּלט ווערן אַלס ניט קיין אַרבעטנדער עלעמענט, וואָס דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע סכנות, און אָנהייבן אַרבעטן האָט געהייסן מחלל זיין שבת און יום־טוב און נעגירן יידישע טראַדיציעס. הונדערטער און טויזנטער יידן, רינגען פון דער גאָלדענער קייט פון דורות, האָבן זיך איינגעשפּאַרט און געליטן הונגער און שרעק אַבי צו קאָנען פאָרטזעצן דעם אַלטן יידישן לעבנס וועג. אַנדערע האָבן געפונען פאַרשיידענע קאָמפּליצירטע עצות ווי צו קאָנען זיין גלייכצייטיק אַ סאָוועטישער מלוכה־אָנגע־שטעלטער און אַ געטרייער ייד. איך האָב בייגעוואוינט אַן ערשיטערנדע סצענע ביי איינעם פון די חסידישע רביים אין גאַליציע פאַר וועלכן אַ יונג בחורל איז געשטאַנען מיט טרערן אין די אויגן און געבעטן דער רבי זאָל אים געבן מוט און קוראַזש ער זאָל ווערט זיין אויסצוהאַלטן דעם גרויסן נסיון און ניט אָפּטרעטן פון די יידישע וועגן; איך האָב בייגעוואוינט

אַ געריכטלעכן פּראָצעס וואָס 2 יידישע יונגעלייט האָבן פאַרפירט קעגן אַ רעגירונגס אינסטיטוציע, וועלכע האָט זיי געצוואונגען צו אַרבעטן שבת. איך בין אויך אַנוועזנד געווען אויף אַ באַראַטונג פון רבנים, וועלכע האָט באַדאַרפט פּסקענען אַ שאלה וועגן די דאָזיקע וועלכע מוזן אַרבעטן ראש־השנה און יום־כיפּור און ווילן דאָך דאַוונען די תפילות. דער פּסק־דין איז אַרויס, אַז זיי זאָלן זיך שטעלן דאַוונען אינמיטן דער נאַכט און פּאַרטיק ווערן ביז זיי דאַרפן גיין צו דער אַרבעט און יום־כיפּור זאָלן זיי האַלב דאַוונען פאַרטאָג און קומען גלייך נאָך דער אַרבעט צו נעילה אין שול אַריין... דערפאַר איז צו „כל נדרי״, ווען מענטשן זיינען פריי פון אַרבעט געווען אַזאַ געדראַנג אין די שולן, אַז די הויפן און די גאַסן אַרום זיינען געווען באַלאַגערט. ווי איינגעצוימטע כוואַליעס וועלכע ווערן פּלוצלונג פריי, אַזוי האָבן יידן געשטראָמט איבער די גאַסן און געדריקט איינער דעם אַנדערן די הענט, כאָטש זיי האָבן זיך ניט געקענט, און די ברכות פון נייעם יאָר, וועלכע מ׳האָט זיך האַרציק גע־וואונטשן זיינען זיכער געפלאָסן פון טיפן ריינעם האַרצן...

.2

אַ טאָג פאַר ערב יום־כיפּור בין איך אָנגעקומען אין אַ גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט פון סאָוועט־רוסלאַנד, אַ שטאָט, וועלכע איז אויסגעוואַקסן שוין נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע און איז געוואָרן דער שטאָלץ פון דער סאָוועטישער פּראָדוקציע. מיין קרוב, וועלכער האָט דאָרטן געוואוינט וויל זיינע קינדער האָבן געאַרבעט אין די דאָרטיקע פאַבריקן, האָט מיר דערציילט, אַז וויל די שטאָט איז אַ נייע און אַלע איינוואוינער — אַרבעטער אין די גרויסע פאַבריקן, איז דאָרט קיין סימן פון יידישקייט ניטאָ. אויף ראש־השנה און יום־כיפּור איז דאָ אַ מנין ביי אַ יידן אין אַ צימערל צו וועלכן עס קומען זיך צונויפקומען אַ 30 פערזאָן, איבער

אַ העלפּט פּרויען. דאָס אַלעס מוז פאַרקומען אין שטרענגער קאָנספּיראַציע, ווייל דער אייגנטימער פון הויז איז אין גרויסער סכנה. וועגן מיין אַנוועזנהייט ביים דאַוונען זיינען געפירט געוואָרן גאַנצע אונטערהאַנדלונגען ביז עס איז באַוויליקט גע־וואָרן מיך אַריינצונעמען. איך האָב דאָרטן אויך געטראָפן 3 סאָוועטישע באַאַמטע, וועלכע זיינען פאַר דעם טאָג אָפּיציעל געווען דעלעגירט קיין מאָסקווע אין דינסט־אַנגעלעגנהייטן... וועגן די תפילות און וועגן די מיטבאַטייליקטע וואָלט מען געקאָנט שרייבן אַ באַזונדער קאַפּיטל נאָר איך וויל דאָ בלויז דערציילן אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד וועלכער האָט מיט מיר דאָרט געטראָפן.

יום־כיפור אינדערפרי ווען איך מיט מיין קרוב האָבן זיך געלאָזט גיין צום דאַוונען, האָבן מיר זיך באַמיט דורך אַלערליי אופנים ניט אויסצוזען יום־טובדיק און מיר האָבן געמאַכט גיכע טריט ווי מענטשן וואָס איילן זיך צו אַ וויכטיקער אַרבעט. אָפּגייענדיק אַ 15 מינוט האָבן מיר באַמערקט ווי אימיצער פאָלגט אונדז נאָך און מיר האָבן זיך אויסגעדרייט אין אַ זייטיק געסל. אין אַ קורצער ווילע איז אָבער דער דאָזיקער מענטש אונדז געקומען אַנטקעגן פון אַן אַנדער זייט און זיך געווענדט צו אונדז פריער אין רוסיש און דערנאָך אויף יידיש:

— היינט איז יום־כיפור און איך פאַרשטיי אַז איר גייט ערגעץ דאַוונען. אַלזאָ בעט איך אייך, יידן, טוט מיר די טובה און נעמט מיך מיט.

מיר זיינען דערשטוינט געוואָרן פון אַזאַ באַגעגעניש און מיר האָבן געענטפערט, אַז ער האָט ניט געטראָפן און מיר הייבן ניט אָן צו וויסן וואָס ער מיינט. אָבער דער ייד איז ניט אָפּגעטראָטן און ער האָט זיך געבעטן:

— האָט רחמנות, יידן, איך וויל זיין יום־כיפור צוזאַמען מיט יידן, איך וויל כאָטש איין מאָל אין יאָר דאַוונען מיט אַ מנין, איך ווייס, איר גייט ערגעץ דאַוונען. קלערט אויף מיר

ניט קיין שלעכטס, איך וויס איר זייט מיך חושד, ווער ווייסט ווער איך בין, אָבער איך שווער אייך, אַז איך בין אַ ייד, וואָס וויל יום־כיפור געפינען אַ פּלאַץ אויסצוגיסן דאָס האַרץ פאַרן רבונו־של־עולם, לאָזט מיך מיטגיין מיט אייך...

אויף אַ מינוט האָבן מיר זיך געוואַקלט. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער. פאַרוואָס זאָל מען טאַקע ניט מיט־נעמען אַ יידן, וואָס וויל זיין מיט יידן צוזאַמען אין הייליקסטן טאָג ביי יידן? אָבער טאָמער קאָן עפּעס שלעכטס אַרויסקומען? דער אייגנטימער פון הויז וועט זיך שרעקלעך דענערווירען, אַז מ׳וועט אַ פרעמדן מיטברענגען און מיין מיטגייער האָט אַרויסגע־שריען:

—טשעפּעט זיך אָפּ פון אונדז און דרייט ניט קיין קאָפּ. מיר וויסן ניט פון קיין דאַוונען און לאָזט אונדז גיין אונזער וועג.

דער ייד איז אונדז נאָך לאַנג נאָכגעגאַנגען. מיר האָב געזען די שנירלעך טרערן, וואָס האָבן זיך געקייקלט פון זיינען אויגן און ניט נאָר פון זיינע נאָר אויך פון אונדזערע...

### .3

דאָס פּראָבלעם פון די פּליכטלינגע אין די אָקופּירטע געביטן איז געווען זייער שווער, אַ קנאַפּער מיליאָן יידן זיינען אַנגעלאָפן אַהין פון פּוילן און מערב גאַליציע. איך האָב זיי גע־זען ווי זיי זיינען געלאָפן אין פאַרצווייפלונג, געיאָגט פון דער שווערער בייטש, וואָס די נאַציס האָבן אַראָפּגעלאָזט אויף יידישע קעפּ. זיי זיינען געקומען קיין מזרח גאַליציע און אין דעם פאַרנומענעם טייל פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, בלויז מיט זייערע נפשות אָן די מינימאַלסטע באַדערפענישן צום לעבן. זיי האָבן געדאַרפט זייער שווער קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ און נאָך שווערער איז געווען דער צופּאַסונג פּראָצעס צו די סאָוועט־טישע באַדינגונגען. אַ גרויסער אָדער אפשר דער גרעסטער

טייל פון די פליכטלינגע זיינען באַשטאַנען פון רעליגיעזע יידן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן שטאַל און אייזן ביי די יידישע מנהגים און טראַדיציעס און דער נאַטירלעכער אַסימילאַציע פּראָצעס, וועלכער איז געקומען פון די נייע באַדינגונגען האָט זיך אין זיי אָנגעשלאָגן ווי אין אַן אייזערנער וואַנט.

עס איז געקומען די צייט ווען זיי האָבן באַדאַרפט אָפּן ער־קלערן צי זיי ווילן ווערן סאָוועטישע בירגער אָדער בלייבן ביים אַלטן סטאַטוס, און דער גרעסטער טייל האָט אויסגעקליבן דאָס לעצטע, ווייל זיי האָבן געלאָזט נאָענטע פאַמיליעס אין דער אַלטער היים מיט וועלכע זיי האָבן זיך געהאָפט צו פאַר־איייניקן, און צוליב אַ גאַנצער רייע אַנדערע סיבות. דער רע־זולטאַט איז געווען, אַז דער ענין איז איבערגעגאַנגען צו דער נ. ק. וו. ד. (געפּעאו), וועלכע האָט ענדע יוני, 1940, אַראָפּ־געשיקט עטלעכע צענדליק טויזנט פון אירע מענטשן אין די אָקופּירטע געביטן, און אין משך פון 2 טעג און 2 נעכט זיינען אַ קנאַפּער האַלבער מיליאָן יידן אַרייגעפּאַקעוועט געוואָרן אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען און בהמות־וואַגאָנען און זיינען טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אוראַל אין סיביר.

עס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ אפּעראַציע איז געווען זייער שווידערלעך. אָבער אויך אין די דאָזיקע שווערע באַדינגונגען, פאַרנדיק צווישן 4 און 6 וואָכן אין די וואַגאָנען און קומנדיק שוין אויף די נייע פּלעצער וואו עס האָט זיך אָנ־געהויבן אַ גאַנץ ניי טראַגיש קאַפּיטל, האָבן די דאָזיקע יידן מיט מסירות־נפש און אוממענטשלעכע אנשטרענגונגען אָנגע־האַלטן דעם יידישן שטייגער לעבן און געזוכט אַלערליי מיטלען פאַרטצוזעצן דעם וועג פון תורה און יידישקייט. איך האָב געלעזן צענדליקע בריוו פון די דאָזיקע פליכטלינגע וואו עס זיינען דערציילט געוואָרן רירנדיקע געשיכטן פון זייער קאַמף פאַר יידישקייט. יידישע פרויען האָבן ניט פאַרגעסן מיטצונעמען ליכט און צו צינדן שבת־ליכט אין די פאַרפעסטעטע וואַגאָנעס

און יידישע יונגעלייט האָבן אין דער שרעקלעכער ענגשאַפט גע־האָלפן צו שאַפן אַ שבת־אַטמאָספערע מיט תפילות און געזאַנג און תורה־לערנען אויף אויסנווייניק... און אַז די פליכטלינגע זיינען געקומען אויף די ערטער און זיי האָבן געמוזט אויסקומען מיט ברויט און וואַסער דורך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין די אור־וועלדער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו שיקן שפּייז־פּעקלעך צו די פליכטלינגע. אָבער זייער פיל האָבן מוותר געווען אויפן שפּייז און האָבן געהאַלטן אין איין בעטן אַ... שופר אויף ראש־השנה, ספרים און מחזורים צום דאַווענען און לערנען, וועלכע מען האָט דורכגעשמוגלט אין די פּעקלעך...

דער גאון ווידנפעלד, דער רב פון טשעבין, גאַליציע, האָט אויף די בערג פון אוראַל, וואו ער האָט געפּאַשעט שעף צוליב זיין טיפן עלטער, צוזאַמענגענומען צענדליקער יידן וועלכע האָבן נאָך 12 שעה פון שווערער אַרבעט געלערנט אויף אויסנווייניק אַ שיעור אין מסכת ברכות. אין די אַלע בריוו פון אים און זיינע תלמידים איז דער איינציקער וואונטש געווען מ׳זאָל זיי באַזאָרגן מיט דער גמרא ברכות און אַנדערע ספרים. איך האָב אויך געלייענט אַ בריוו פון אַ גרופּע חסידים אין וועלכן זיי שרייבן, אַז זייער ביטער לעבן אין דער ווילדער טאַגאַ אין סיביר איז זיי ליב דערפאַר ווייל דער ריזשינער ז״ל האָט אַמאָל געזאָגט, אַז משיח וועט קומען דורך רוסלאַנד און זיי גלייבן באמונה שלמה, אַז עס זיינען איצט משיחס צייטן און זיי זיינען מגולגל געוואָרן אַהין כדי צו זיין די ערשטע מקבל־פּנים צו זיין משיחן...

***

ווען איך האָב אויפן לעמבערגער באַנהויף געזעגנט אַ גרופּע באַקאַנטע פון די אָוועקגעשיקטע פליכטלינגע, איז אין מיטן די שרעקלעכע יללות און געשרייען פון קליינע קינדער און דערוואַקסענע אַרויסגעקומען אין פראָנט פון אַ וואַגאָן, אַ

יונגערמאַן מיט אַ בלאָנד בערדל וועלכער האָט איינגעשטילט דעם עולם און אויסגעשריגען:

— יידן! איך פאַרזיכער אייך, אַז אין אַ יאָר אַרום וועלן די אַלע פאַרבליבענע אונדז מקנא זיין, זיי וועלן זיך וואונטשן צו זיין מיט אונדז דאָרטן אין פאַרשיקונג... און אין אַ יאָר אַרום, ווען איך בין שוין געזעסן אין ניו־יאָרק און זיך צוגעהערט ביי דער ראַדיאָ צו די אַלע שוידערלעכקייטן פון דער נאַצישער אינוואַזיע אין רוסלאַנד, האָב איך זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון דעם דאָזיקן יונגערמאַן און געקלערט וועגן די אויסטערלישע וועגן פון דער השגחה וועלכע האָט אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט אַ האַלבן מיליאָן יידן פון די נאַצישע נעגל און גלייכצייטיק אַריינגעגאָסן אַ נייעם שטראָם פון פריש יידיש בלוט, אין די פאַרגליווערטע אָדערן פון יידישן קיבוץ אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַ שטראָם וואָס וועט העלפן די סאָוועטישע יידן צו האַלטן און פאַרפעסטיקן די אייביקע יידישע אידעאַלן און דעם אין ליידן געהייליקטן יידישן לעבנס־וועג.